בשאַוולי — 4500; בקובנה — 15000; בווילנה — 15000.

„בכוונתי היה לחלס יהודים - עובדים אלה ומשפחותיהם, אך נתקלתי בהתנג־דות חריפה מצד הממשל האזרחי (רייכס־קומיסר) ומצד הווהרמאכט והגיע איסור: אין לירות ביהודים אלה ומשפחותיהם״.

המאבק בקרב הרשויות השונות ב־אוסטלנד בנושא של השמדת כל היהו־דים או השארת חלק מהם בגלל צרכים כלכליים הגיע לדרגים העליונים בברלין. ב־18 בדצמבר 1941 קיבל לוהזה מכתב מהאוסטמיניסטריון בברלין בו צויין ב־מפורש ששיקולים כלכליים אינם צריכים להוות גורם שמשפיע על השארת יהודים. באותו מכתב גם צויין שאת הבעיות ה־מתעוררות בקשר לנושא השמדת היהו־דים, יש להסדיר במישור המקומי, ב־מגעים ישירים בין גורמי הממשל השו־נים.

מכתב זה לא שינה את החלטתו של לוהזה בעניין השארת הגיטאות בליטא. גם גורמי ה־ס.ס. המקומיים באוסטלנד השלימו כנראה עם החלטה זו ויתכן שגם הכירו בתועלת הכלכלית שיש בהשארת היהודים.

בדו״ח המסכם של אינזצגרופה א׳, ש־פעלה בכל ארצות האוסטלנד, שפורסם בסוף דצמבר 1941 נאמר:

„פעולת הטיהור באוסטלנד, כוונתה הייתה, בהתאם לפקודת היסוד, ביעורה המלא של היהדות. מטרה זו הושגה בכללותה... השארית שנותרה במדינות הבלטיות דרושה לצרכי עבודה דחו־פים...״

הפסקת ההשמדה בדצמבר 1941 והש־ארת הגיטאות בליטא עד אפריל־ספטמבר 1941, הייתה תוצאה של צרכי הכלכלה המלחמתית של גרמניה. השארת בעלי מקצוע ומשפחות שעבדו ישירות במפע־לים כלכליים גרמניים, איפשרה השארת יהודים נוספים בגיטאות, שלא היו מוע־סקים במפעלים גרמניים, אלא הועסקו בשירותים שונים (לעתים לנוחיות גורמי הממשל המקומיים כגון חייטים, סנדלרים וכו׳) וכמו כן מנגנון היודנראט ושירותים אחרים ששירתו את צרכי־הגיטו.



## אַלכּסנדר רינדזיונסקי

# אַ בינטל זכרונות

דעם 13טן יולי 1944 איז ווילנע, נאָך 3 יאָר היטלעריסטישער אָקופּאַציע, באַפרייַט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער אַרמיי. אין די קאַמפן פאַר ווילנע האָבן צוזאַמען מיט דער אַרמיי אָנטייל גענומען הונדערטער ייִדישע פּאַרטיזאַנער, וואָס זייַנען מיט אַ יאָר צוריק גרופּעסווייַז, דורך פאַרשיידענע וועגן אַרויס פון דער געשלאָסענער געטאָ.

אונדזער היימשטאָט איז געווען כּמעט „יודענריין". נאָר געציילטע, על־פּי נס געראַטעוועטע ייִדן זייַנען אַרויס אויף די חרובע גאַסן.

זייערע אויגן האָבן זיך ניט געקענט צוגעווינען צו דער זון, נאָך לאַנגע מאָנאַטן אין די פינצטערע באַהעלטענישן.

דער איינציקער אַדרעס פאַר די דאָזיקע איינזאַמע מענטשן זייַנען געווען די הייַזער, וועלכע עס האָבן פאַרנומען (די ערשטע עטלעכע טעג) די ייִדישע פּאַרטיזאַנער־מחנות „נקמה־נעמער" און „פאַרן ניצחון".

די געראַטעוועטע ייִדן האָבן מיט טרערן און שטאָלץ געקוקט אויף די באַוואָפנטע ייִדישע פּאַרטיזאַנער.

רירנדיקע סצענעס האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט אין יענע טעג: באַגעגענישן צווישן ניצול־געוואָרענע, וועלכע האָבן שוין לאַנג איינער דעם אַנדערן באַוויינט... ווען מיר האָבן צום ערשטן מאָל דערזען איינצלנע אָפּגעראַטעוועטע ייִדישע קינדער, נאָך אַלץ דערשראָקענע, — האָבן קוים געאַנט די פרייַהייט, דאָס געוווּנענע לעבן, — זייַנען טרערן געשטאַנען אין אונדזערע אויגן.

★

ווילנער געטאָ איז געווען די ערשטע וואָס האָט אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

אָפיציעל איז די פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע (פפ"אָ) געשאַפן געוואָרן דעם 24סטן יאַנואַר 1942 אויף דער נאַציאָנאַלער באַזע פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, נאָך דעם ווי במשך מאָנאַטן זייַנען געווען פאַרשיידענע באַמיִונגען אין דער דאָזיקער ריכטונג.

איך דערמאָן זיך מייַן ערשטע באַגעגעניש מיט איציק וויטענבערג אין געטאָ. דאָס איז געווען אין אָקטאָבער 1941 (איך האָב וויטענבערגן געקענט פון פריִער).

ער האָט מיר דאָן געזאָגט, אַז ער וועט זיך מיט מיר פאַרבינדן אין דער נאָענטסטער צײַט. שפּעטער האָט ער מיר איינִיקע מאָל געבעטן אָנשרײַבן אין פּויליש קורצע באַריכטן וועגן דער לאַגע אין געטאָ. (וועגן „אַקציעס", שטימונגען, וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע אאַ"וו.) ער האָט מיך צונויפגעפירט מיט ד"ר גיטעל און אַדוו' טייטעלבוים, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט מיר געהערט צו דער דאָזיקער רעדאַקציע־קאָמיסיע. די באַריכטן פלעגן גיין אין שטאָט.

איך האָב קיין מאָל, צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות, ניט געפרעגט קיין פּרטים און ניט געשטעלט קיין פראַגעס.

ביז דער געטאָ האָב איך מיט דער משפּחה געלעבט אויף ווענגלאָווע 14. ווען די „כאַפּונעס" האָבן אָנגעהויבן צונעמען יידישע מענער, פלעגן זיי דאָס טאָן לויט ראַיאָנען און גאַסן. קיינער האָט ניט געוווּסט ווען מען וועט קומען צו אים. זייער „אַרבעט" פלעגן זיי אָנהייבן מערסטן טייל 6 אַ זייגער פאַר טאָג. פלעגן די ערשטע זונענשטראַלן אָנוואַרפן אַ פּחד אויף די ייִדן... דאָנערשטיק, דעם 31סטן יולי, זײַנען געקומען צו אונדז צוויי פּוילישע ייִנגלעך אין עלטער פון 14־15 יאָר און אָנגעזאָגט, אַז מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועלן קומען אין אונדזער ראַיאָן די „כאַפּונעס", אַז מיר זאָלן זיך היטן, אַוועקגיין אָדער באַהאַלטן זיך. זיי זײַנען געגאַנגען איבער אַלע הויפן און ווױנונגען, כּדי צו וואָרענען קעגן דער געפאַר. און טאַקע, צוויי טעג שפּעטער, שבת דעם 2טן אויגוסט פאַר טאָג זײַנען די באַנדיטן געקומען. מיר האָבן זיך באַהאַלטן צו דער צײַט און אַזוי אַרום ניצול געוואָרן פון זייערע הענט. דאָס איז געווען אַן אָרגאַניזירטע רעטונגס־אַקציע, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען אויך ניט־ייִדן.

✶

די ידיעות פאַר די ראַדיאָ־בולעטינען פון פפ"אָ פלעגן אויפגענומען ווערן מיט דער הילף פון אַ געהיימען ראַדיאָ־אַפּאַראַט, פלעגן פאַרמערט ווערן אין אַ געוויסע צאָל עקזעמפּלאַרן און טאָג־טעגלעך פאַרשפּרייט ווערן צווישן די מיטגלידער פון פפ"אָ. אַ דאַנק דעם האָבן מיר געהאַט די נײַסטע ידיעות פון לאָנדאָן און מאָסקווע. דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו אינפאָרמירן אויך די באַפעלקערונג פון געטאָ וועגן די אַקטועלע נײַעס, ניט אָנגעבנדיק, פאַרשטייט זיך, דעם מקור.

אָנהייב אויגוסט 1942 בעת איינער פון די באַגעגענישן מיט וויטענבערגן, האָב איך באַקומען פון אים, שטרענג געהיים, עטלעכע נומערן פון די מאָסקווער צײַטונגען „פּראַוודאַ" און „איזוועסטיאַ" פון יולי מאָנאַט. די צײַטונגען האָבן געבראַכט די פאַראַשוטיסטן פון מאָסקווע (צווישן זיי וויטאָלד סענקעוויטש, קאָמיסאַר פון דער פאַרטיזאַנער־מחנה אויפן נאָמען פון אַדאַם מיצקעוויטש), וועלכע האָבן זיך געטראָפן אין ביאַלאַ וואַקאַ מיט סאָניע מאַדייסקער און יצחק וויטענבערג.

✶

אין דער נאַכט פון 22סטן אויפן 23סטן סעפּטעמבער 1943 האָט דער שטאַב פון דער פפ"אָ אָנגענומען אַ באַשלוס אַרויסצופירן אין וואַלד די איבערגעבליבענע אין געטאָ פאַרטיזאַנער. קרוב 100 פאַרטיזאַנער, אַ טייל פון אונדז באַוואָפנטע,

האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין די קאַנאַליזאַציע־רערן אין הויף אויף רודניצקע 11. מיט דער דאָזיקער שווערער און ריזיקאַלישער אַקציע האָבן אָנגעפירט שמולקע קאַפּלינסקי און מאַטיאַש לעווין, ביידע מיט דערפאַרונג — שוין אייניקע מאָל דורכגעגאַנגען דורך די זעלביקע קאַנאַלן.

מיר זײַנען אַרויס אין אַ ספּעציעל צוגעגרייטן פאַרקאָנספּירירטן אָרט אויף איגנאַץ־געסל, ניט ווײַט פון דער געסטאַפּאָ־עקספּאָזיטור. אין דעם לאַבירינט פון די קאַנאַלן האָבן אונדזערע וועגווײַזערס זיך פאַרבלאָנדזשעט. מיר זײַנען געגאַנגען דורך די קאַנאַלן קרוב 6 שעה. דאָס רעדט זיך אַזוי — „געגאַנגען" — אין אייניקע ערטער אין די קאַנאַלן איז דער דיאַמעטער געווען ניט מער ווי 50 סענטימעטער, מען האָט געמוזט קריכן אויף אַלע פיר. ווען עמעצן איז געוואָרן ניט־גוט, האָבן אַלע געמוזט זיך אָפּשטעלן. עס איז געווען פינצטער, ניט געווען מיט וואָס צו עטעמען. נאָר דערגייענדיק צו די לוקן, וועלכע פירן אַרויס צו דער גאַס, האָט מען זיך געקענט אויסגלײַכן, שטעלן זיך אויף די פיס, אויב עס האָבן געקלעקט קרעפטן...

אין איינעם פון די לוקן האָב איך באַגעגנט אַבראַשאַ כוואָיניקן ז"ל. פיזיש בין איך געווען פולשטענדיק אויסגעשעפּט. ער האָט מיך געטרייסט, אַז ס'איז שוין ניט ווײַט. מיט די לעצטע כּוחות זיך דערשלעפּט צום באַשטימטן אַרויסגאַנג־אָרט. דער אומדערמידלעכער שמולקע האָט אונדז אַרויסגעשלעפּט פון דעם קאַנאַל און אַריבערגעפירט אין דעם צוגעגרייטן קעלער. אויף דער אַרישער זײַט האָט מיט דער אָפּעראַציע אָנגעפירט סאָניע מאַדייסקער ז"ל. אין קעלער זײַנען מיר געזעסן ביז ס'איז געוואָרן פינצטער. ערשט דאַן זענען מיר אַוועק אין די צוגעגרייטע קאָנספּיראַציע־ערטער.

ווי באַוווּסט זײַנען דאַן העלדיש אומגעקומען די מיטגלידער פון שטאָב יאַנקל קאַפּלאַן, אַבראַשע כוואָיניק, אַסיאַ ביג און גרישע לעווין.

אין עטלעכע טעג אַרום זײַנען מיר אָנגעקומען אין די רודניצקער וועלדער, וווּ עס זײַנען געשאַפן געוואָרן 4 פּאַרטיזאַנער־מחנות. צוויי פון די פּאַרטיזאַנער־מחנות זײַנען ביזן באַפרײַען ווילנע געבליבן כּמעט ריין ייִדישע (בײַ אַ 200 ייִדן), די איבעריקע האָבן זיך פאַראייניקט מיט רוסישע גרופּעס.

בראש פון די צוויי ייִדישע פּאַרטיזאַנער־מחנות זײַנען געשטאַנען אַבאַ קאָווער („נקמה־נעמער") און שמולקע קאַפּלינסקי („פאַרן ניצחון").

✶

דעם 16טן נאָוועמבער 1943 האָט זיך איבער די רודניצקער וועלדער דורכגעטראָגן אַ גוואַלדיקער שטורעם (די אײַנוווינערס פון די אַרומיקע דערפער האָבן דערציילט, אַז 70 יאָר איז ניט געווען דאָ אַזאַ שטורעם). דאָס איז געווען בײַ טאָג, ווען מיר האָבן מיט אַ מאָל דערפילט, ווי דער וואַלד האָט אָנגעהויבן „אײַנפאַלן" ווי אַ קאָרטנהויז, איך בין געשטאַנען לעבן אַבאַ קאָוונער, גערעדט מיט אים, ווען פון אַלע זײַטן האָבן אָנגעהויבן פאַלן אויף אונדז ביימער. איך בין געווען איינער פון די קרבנות. כ'האָב פאַרלאָרן דעם באַוווּסטזײַן, באַקומען אַ בראָך אין אַ האַנט און אין אַ פוס, אין דער האַנט איז פולשטענדיק צעריסן געוואָרן דער הויפּטנערוו. אונדזער דאָקטאָר סאַלאָ גאָר־

פינקל ז״ל, מיט די קראַנקן־שוועסטער עמאַ ז״ל און האַנקאַ אַזגוד האָבן געטאָן אַלץ, כּדי צו לינדערן דעם ווייטיק, אָבער אין די באַדינגונגען פון וואַלד, אָן מעדיקאַמענטן און גיפּס, איז דאָס ניט געווען לייַכט.

מיר איז אויסגעקומען עטלעכע מאַנאַטן צו ליגן. איך האָב ניט געקענט שטעלן אַ טראָט. דעם 31סטן פעברואַר 1944 האָט אונדזער אויסשפּיר באַקומען אַן אינפאָרמאַציע, אַז די דייַטשן גרייטן אַן אָבלאַווע און אַז אין די אַרומיקע דערפער געפינען זיך שוין גאַרניזאָנען פון דייַטשן און וולאַסאָווצעס. די פּאַרטיזאַנער האָבן געדאַרפט זייַן גרייט דורכצורייַסן זיך מיט קאַמפן אין דער ריכטונג צו די ווייַסרוסישע וועלדער. כ׳האָב געבעטן אונדזער קאָמיסאַר דידיאַליס (איסר שמידט), איבערגעבן אין שטאַב, אַז אין אָנבליק פון דער געשאַפענער לאַגע וויל איך ניט זייַן קיין לאַסט און בעט מיך אָפּשיסן. מייַן ביטע איז ניט אָנגענומען געוואָרן. צו די עטלעכע פאַרוווּנדיקטע האָט מען צוגעטיילט אַ ספּעציעלע וואַך, פאַרזאָגט אונדזערע היטערס, אַז זיי טאָרן אונדז ניט פאַרלאָזן. אָדער ראַטעווען אונדז אָדער אומקומען צוזאַמען. אַזעלכע פאַלן זייַנען געווען עטלעכע. די אָבלאַווע איז ניט צו שטאַנד געקומען. מיר האָבן זיך געראַטעוועט. אין די ניט־ייִדישע מחנות האָט מען אין אַזעלכע פאַלן אָפּגעשאָסן די שווער פאַרוווּנדיקטע.

*

בייַם שטאַב פון דער בריגאַדע האָט מען אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע אויסגאַבעס פאַר דער אונטערערדישער אַרבעט. צוזאַמען מיט וויטאָלד סענקעוויטש און שלמה קאָוואַרסקי האָבן מיר געהערט צו דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דער אונטערערדישער צייַטונג אין פּויליש „פאַר דער פרייַהייט״, (״ZA WOLNOSC״). די צייַטונג פלעגט פאַרשפּרייט ווערן אין ווילנע און אין די שטעטלעך און דערפער פון דער געגנט.

סוף אַפּריל איז צו אונדז געקומען, מיט דער הילף פון אונדזער אויסשפּיר, אַ גרופּע, וואָס איז אַנטלאָפן פון פּאָנאַר. נאָך דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ האָט די געסטאַפּאָ געפּרוּווט פאַרווישן די שפּורן פון זייערע פאַרברעכנס. אויף די לעצטע ייִדן פון ווילנער געטאָ, אַרויסגעשלעפּטע פון מאַלינעס, און קריגס־געפאַנגענע איז אויסגעפאַלן דער גורל צו טאָן די אַרבעט און דערנאָך פאַרברענט ווערן אויף די זעלביקע שייַטערס. אַ טייל פון די מתים־ברענער איז געלונגען צו אַנטלויפן דורך אַ טונעל, וואָס זיי האָבן געגראָבן במשך פון עטלעכע חדשים, און דערגרייכן צו אונדזער באַזע. אויפן סמך פון זייערע באַריכטן האָב איך פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין דער צייטונג „ZA WOLNOSC״ אונטערן קעפּל „פּאָנאַר״. דאָס איז געווען דער ערשטער אַרטיקל וועגן פּאָנאַר, באַזירט אויף גבית־עדות פון די ניצול־געוואָרענע.

דעם דאָזיקן אַרטיקל האָב איך פאַרעפנטלעכט אין דעם נומער פון 15טן מייַ 1944, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז דער אַרטיקל ציטירט געוואָרן אין דער פּוילישער אוידיציע פון לאָנדאָנער ראַדיאָ. דער הויפּטהעלד פון דעם העראָיִשן אַקט, דער רוסישער קריגס־געפאַנגענער יורי מאָסקאָווסקי, האָט צוגעשיקט אַ בריוו אין ווילנער ייִדישן מוזיי, אין וועלכן ער דערציילט, אַז זייַן אמתע פאַמיליע איז

פאַרבער, ער איז אַ ייִד און וועט אַלץ טאָן, כּדי אונדז העלפֿן צונויפֿצוזאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דער קאַטאַסטראָפֿאַלער תּקופֿה. דער מוזיי איז שפּעטער ליקווי־דירט געוואָרן און אונדזער קאָנטאַקט מיט אים איז איבערגעריסן געוואָרן.

*

זומער 1947 האָט איליאַ ערענבורג באַזוכט ווילנע, ער איז אַרויסגעטראָטן אין ייִדישן מוזיי, געטראָפֿן זיך מיט ייִדישע פּאַרטיזאַנער.

אין מוזיי (איך האָב דאָן דאָרט געאַרבעט), האָב איך געהאַט מיט אים אַ געשפּרעך וועגן דער דאָקומענטן־זאַמלונג פֿון ייִדישן חורבן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אין מאָסקווע די מאַטעריאַלן צום „שוואַרצן בוך", וועלכער איז ניט אַרויסגעגעבן געוואָרן. ער קען דאָס אונדז געבן מיטן באַדינג, אַז אין פֿאַל פֿון ליקווידאַציע פֿון ייִדישן מוזיי זאָלן מיר אים די מאַטעריאַלן אומקערן. ס'זײַנען געווען מיט מיר 3 מיטאַרבעטערס פֿון מוזיי בעת דעם שמועס. מיר האָבן אים אָנגעקוקט דערשטוינטע. איך האָב געפֿרעגט, פֿאַר וואָס עפּעס רעדט ער וועגן דער ליקווידאַציע פֿון ייִדישן מוזיי? אויף דעם האָט ער געענטפֿערט מיט די פֿאָלגנדיקע ווערטער:

„ווער ווייס, אפֿשר וועט עמעצן אײַנפֿאַלן, אַז אַזאַ מוזיי דאַרף זײַן, למשל, אין ביראָבידזשאַן אָדער, למשל, אויף דער לבֿנה..."

ער האָט עס פֿאָרויסגעזען, ער האָט וואַרשײַנלעך שוין עפּעס געוווּסט אָדער געפֿילט.



נתן באַזיליאַן

# אין זכות פון נסים

דרייַסיק יאָר זענען שוין אָפּגעלאָפן זינט יענעם ליכטיקן טאָג, ווען מיר, אַ גרופּע פון 9 נפשות, זענען אַרויסגעקראָכן פון אונדזער קעלער־באַהעלטעניש ביי אַ נאָבעלער קריסטלעכער משפּחה אין אַ דאָרף.

די ליטווישע „כאַפּונעס”, האָבן מיך געכאַפּט בייַם טויער פון שאָפּענאַ 5, ווו איך האָב געוואָלט אַרייַנגיין צו מייַן אַרבעט אין דעם שנייַדער־קאָאָפּעראַטיוו. איך בין דאָרט געווען דער איינציקער ייִד צווישן עטלעכע און דרייַסיק קריסטלעכע אַרבעטערס. צווישן די תּפיסה־ווענט האָבן זיך דעמאָלט געפונען העכער 400 ייִדן, וואָס האָבן שוין באַוויזן דורכצוגיין שוידערלעכע נגישות, הונגער און פּייַן.

דער תּפיסה־טויער האָט זיך פאַרמאַכט הינטער מיר און נאָך 100 געכאַפּטע ייִדן, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן איבער אונדז דער גהינום־„ספּעקטאַקל” פון די צעיושעטע כוליגאַנעס. מייַן שפּראַך איז צו אָרעם כּדי צו שילדערן יענעם גיהנום וואָס עס זענען דורכגעגאַנגען די געכאַפּטע ביזן אַוועקגעשלעפּט ווערן קיין פּאָנאַר. אַ צעקייַלטער און צעביילטער האָב איך נאָר געטראַכט פון מייַן פרוי און קינד וועלכע איך וועל שוין מער ניט זען. פּלוצעם הער איך אויסרופן אין ליטוויש: באַזיליאַן! כ'בין צוגעלאָפן צו דער טיר און פון איבעררעאַשונג זיך צעוויינט.

— דו האָסט מער גליק ווי פאַרשטאַנד — האָט זיך דער ליטווישער וועכטער אָפּגערופן — קום מיט אונדז.

דער מלאך־הגואל מייַנער איז געווען דער ליטווישער דירעקטאָר פון שנייַדער־קאָאָפּעראַטיוו. ווען ער האָט דערהערט פון מייַן פרוי אַז מען האָט מיך פאַרכאַפּט, איז ער געקומען צו דער ליטווישער „פּאַטינגאַ” אויף ווילנער 12 אינטערוועני ירן פאַר מיר, טענהנדיק, אַז אויב מען וועט מיך, דעם בעסטן צושנייַדער, ניט באַפרייַען, אַנטזאַגט ער זיך צו זייַן דער דירעקטאָר פון שנייַדער־קאָאָפּעראַטיוו. צוגעדינט האָט אויך דער צופאַל, וואָס ער האָט אין „פּאַטינגאַ” געטראָפן זייַנעם אַ געוועזענעם אָפיציר פון דער ליטווישער אַרמיי, איז ער צו אים צוגעשטאַנען ער זאָל אים העלפן מיך ראַטעווען פון טויט. די אַנדערע פּרטים זענען שוין הייַנט ניט וויכטיק. דער פאַקט איז, אַז איך געהער צו די איינציקע וואָס האָבן

אויסגעמיטן פּאָנאַר, פון צווישן די עט־לעכע הונדערט פאַרכאַפּטע יידן, מיט וועלכע כ׳האָב זיך געפונען יענעם טאָג אין לוקישקער תּפיסה.

*

בעת דער שחיטה איבער די יידן פון מיין היימשטעטל טורגעל און פון די אַרומיקע שטעטלעך, האָט זיך מיין ברו־דער איינגעגעבן צו אַנטלויפן און ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דערפער און געזוכט ווי אַנצובינדן מיט מיר אַ קאָנטאַקט אין ווילנער געטאָ.

אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך געיאַוועט צו מיר אַ קריסט און שטעלט זיך פאָר מיטן נאָמען פּאַדוואַרסקי. ער דערלאַנגט מיר אַ בריוול פון מיין ברודער מיט 5000 רובל. דאָס איז געווען דער ער־שטער קאָנטאַקט מיט מיין ברודער.

אין יענער צייט האָבן מיר אין געטאָ געליטן נויט און הונגער. איז דאָס געלט פאַר אונדז אַראָפּגעקומען אַזוי ווי אַ מתּנה פון הימל. מיין אינטויִציע האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז איך וועל נאָך אפשר צו אָט דעם נאָבעלן קריסט דאַרפן אָנקומען, האָב איך פאַר אַ העלפט פון דער סומע איינגעקויפט אין געטאָ מתּ־נות פאַר אים און זיין משפחה אין דאָרף.

פון דאַן אָן פלעגט ער יעדע צווי חד־שים מיר ברענגען פון ברודער אַזאַ סו־מע מיט אַ בריוועלע און יעדער מאָל פלעג איך איינקויפן מתּנות פאַר אים און זיין משפחה. אַזוי אַרום האָט זיך מיין פריינדשאַפט מיט דעם קריסט פּאַדוואַר־סקי נאָך מער פאַרשטאַרקט.

אין געטאָ איז די לאַגע געוואָרן פון טאָג צו טאָג קריטישער. דאַן איז רייף געוואָרן ביי מיר דער געדאַנק צו פאַר־לאָזן מיט ווייב און קינד די געטאָ. מיין ברודער, פון זיין זייט, האָט דורך זיינע באַקאַנטע פויערים געהאָלפן מיר אָרגאַני־זירן די נייטיקע מיטלען פאַר אונדזער אַנטלויפן פון געטאָ.

אין אַ געוויסן טאָג האָט ער געשיקט אַ פויער מיט אַ פערד און וואָגן אַוועק־צופירן אונדז אין אַ באַשטימטן פּלאַץ, אין וואַלד. צוליב זיכערקייט האָב איך באַשלאָסן דער פויער זאָל פריִער מיט־נעמען מיין פרוי מיטן קינד און איך וועל קומען צו זיי ביי אַ צווייטער געלעגנ־הייט.

מ׳קען זיך פאָרשטעלן דאָס האַרץ־קלאַפּעניש בעתן אַרויספירן מיין פרוי מיטן קינד דורכן געטאָ־טויער און בעת דעם ווייטערדיקן וועג ביז זיי זענען גע־קומען אויפן באַשטימטן אָרט.

מיט 2 וואָכן שפּעטער איז געקומען דער זעלבער קריסט, גרעבסטונאָוויטש, און האָט מיך אַוועקגענומען גלייך פון שניידער־וואַרשטאַט, וואָס האָט זיך גע־פונען אויף דייטשע גאַס. אויפן וועג איז מיר בייגעשטאַנען ניט איין נס, ביז דער פויער האָט מיך געבראַכט צו אַ וואַלד, ווו עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן מיין ווייב מיטן קינד צוזאַמען מיט מיין ברודער. די באַגעגעניש איז געווען אַזוי רירנדיק, אַז אַפילו דער פויער האָט ניט געקענט איינהאַלטן זיינע טרערן.

ביז מיין קומען האָבן זיי אַלע דריי זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ שטאַל פון בהמות. דאָרט איז שוין אָבער געוואָרן צו „ענג״. אַרום און אַרום האָבן גראַסירט די „ווייסע פּאָליאַקן״, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן אויסצוגעפינען באַהאַלטענע יידן און זיי אויסשעכטן. האָט זיך אָנ־געהויבן אונדזער אַך־און־ווי־־לעבן אין

די זומפּיקע וועלדער, אין כּסדרדיקער שרעק אַנטדעקט צו ווערן פון די פּוילישע באַנדיטן. אויסער די באַנדיטן האָט מען זיך געדאַרפט היטן פאַר סתם פּויערטעס, וואָס פלעגן קומען אין די וועלדער קלייַבן יאַגדעס. פלעגן מיר מוזן כּסדר בייַטן די ערטער ביז מיר האָבן געמוזט אַנטלויפן פון יענער געגנט.

ס׳האָט זיך אונטערגערוקט דער ווינטער מיט פרעסט און שנייען און ס׳איז אונדז געוואָרן ביטער דאָס לעבן אין הונגער און קעלט. אַ נס וואָס מיר זענען אין יענע חדשים ניט אויסגעגאַנגען פון הונגער, ניט קראַנק געוואָרן אין די גרויסע קעלטן און זאַווערוכעס. בקיצור, מיר זענען דערגאַנגען ביז צו פאַרצווייפלונג. דאַן האָב איך און מייַן ברודער באַשלאָסן צו גיין צו אונדזערע פרייַנדלעכע קריסטן, די פּאָדוואָרסקיס, — אַ מהלך פון 10 קילאָמעטערס, אומעטום פאַרפלייצט מיט די פּוילישע באַנדיטן.

*

מיר זענען געקומען אַהין 3 בייַ נאַכט. און דאָ האָבן מיר געזען פאַר זיך נאָך אַ נס.

— איר האָט מזל — רופט זיך אָפּ צו אונדז פּאָדוואָרסקי — ווען איר קומט אַ ביסל פריִער, וואָלט איר שוין ניט געלעבט, ווייַל בייַ מיר האָבן פאַרבראַכט די „ווייַסע פּאָליאַקן“... הכּלל, כ׳האָב אים באַלד דערציילט פון אונדזער ביטערער לאַגע.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער באַהאַלט אויס שוין אַ קנאַפּן יאָר אַ משפּחה פון 5 נפשות אין שטובקעלער מיט אַ פאַרמאַסקירטן אַראָפּגאַנג דורכן אויוון. ער האָט אָנגעקלאַפּט 3 מאָל, לויטן אָפּגערעדטן סימן, און האָט אונדז אַהין אַרייַנגעלאָזט.

ווען פּאָדוואָרסקי האָט דערהערט, אַז איך האָב איבערגעלאָזט מייַן פרוי מיטן קינד אין וואַלד און אַז איך וויל שוין גיין אַהין און זיי מיטברענגען, רופט ער זיך אָפּ:

— ניין, דו וועסט ניט גיין זיי ברענגען, ווייַל דאָ שטייען אייַן 10 טויזנט „ווייַסע פּאָליאַקן“, דו טאָרסט מער ניט ריזיקירן מיט דייַן לעבן. זאָג מיר גענוי דאָס אָרט ווו זיי געפינען זיך, און איך וועל גיין זיי ברענגען. ער האָט באַלד אייַנגעשפּאַנט אַ פערד אין אַ שליטן און אין געציילטע שעהען אַרום האָט ער געבראַכט בשלום מייַן פרוי מיטן קינד. איצט זענען מיר שוין געוואָרן אַ געזינד זאַלבע נייַנט.

פאַראַן אַ סך צו דערציילן וועגן דער איידעלער באַציִונג צו אונדז פון דעם חסיד־אומות־העולם פּאָדוואָרסקי מיט זייַן זון און גאַנצער משפּחה. מיר זענען אַלע געווען ממש גערירט ביז טרערן פון אונדזער גליק, צו האָבן אַ ווינקל אין דעם ענגן און פאַרדומפּטן קעלער און צו געניסן פון זייער וואַכזאַמקייט איבער אונדז.

פאַרענדיקן וועל איך מיט אַן עפּיזאָד, וואָס קען אויך באַטראַכט ווערן ווי אַ נס.

איין מאָל האָבן די „ווייַסע פּאָליאַקן“ זיך צעלאָזן און געפּראַוועט בייַ פּאָדוואָרסקין אין שטוב אַ הוליאַנקע. מיר האָבן געהערט זייערע שיכּורע געשרייען: „אַ טויט די ייִדן“. מיר זענען געזעסן אין דער פינצטער מיט אייַנגעהאַלטענע אָטעמס. פּלוצלונג האָט זיך דודל צעוויינט. כ׳האָב זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען אים אייַנצושטילן, ס׳האָט אָבער ניט געהאָלפן.

דער מלאך־המוות האָט געשוועבט איבער אַלעמענס לעבנס, אויך איבער דער פּאַד־וואָרסקי־משפּחה. מיט אַ מאָל האָבן מיר דערהערט שפּילן אויף אַ האַרמאָניע — הויכע רוישיקע טענער און אַ ריטמיש טאָפּען פון פיס. האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז פּאַדוואָרסקי האָט דערהערט דאָס געוויין פון דודלען, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זײַן האַרמאָניע און זיך געלאָזט שפּילן און טאַנצן. מיר זענען דאָן אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

דעם 12טן יולי 1944 האָט פּאַדוואָרסקי אַנגעקלאַפּט און מיט אַ פריידיקן אויסגעשריי אונדז געלאָזט וויסן, אַז די סאָוועטישע אַרמיי איז אין דאָרף און מיר קענען שוין אַרויס אויף דער פרײַ.

איך מיין, אַז ס׳איז איבעריק צוצוגעבן צו דעם וואָס ס׳איז באַקאַנט, ווי אַזוי און אויף וועלכן אופן איך האָב באַדאַנקט די נאָבעלע פּאַדוואָרסקי־משפּחה, וועלכער מיר האָבן צו פאַרדאַנקען, פריִער גאָט, און נאָך דעם זיי, וואָס מיר האָבן זיך געראַטעוועט פון אומקום. מיר שטייען ביז הײַנט צו טאָג מיט זיי אין פאַר־בינדונג (זיי לעבן אין פּוילן) און טוען וואָס נאָר מעגלעך, צו העלפן זיי.



אַברהם פעסעל

# חסידי־אומות־העולם אין ווילנע

ד״ר טשעזשאָווסקי איז געווען פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע און לאָגיק אין דעם ווילנער אוניווערסיטעט און איך בין געווען מיט אים אין וויסנשאַפטלעכן קאָנטאַקט.

עטלעכע טעג נאָכן פאַרנעמען ווילנע דורך די דײַטשן (25.6.1941) איז דער פּראָפעסאָר געקומען צו אונדז אין שטוב און פאָרגעלייגט אַריבערצוטראָגן אין זײַן ווױנונג ווערטפולע ביכער און חפצים, כּדי זיי זאָלן ניט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון די דײַטשן און זייערע מיטהעלפערס. זײַן הילף פאַר אונדז האָט זיך מיט דעם ניט געענדיקט. כּמעט יעדן טאָג פלעגט ער אָדער זײַן פרוי אַנטאָניאַ אָדער זייער טאָכטער טערעסאַ קומען און ברענגען אַ ביסל פּראָדוקטן. דאָס איז ניט געווען לײַכט פאַר אים, ווײַל ער איז צוזאַמען מיט אַלע פּוילישע פּראָפעסאָרן באַזײַטיקט געוואָרן פון ווילנער אוניווערסיטעט, ווען ווילנע איז באַהערשט געוואָרן דורך די ליטווינער. כּדי אויסצוהאַלטן זײַן פאַמיליע האָט ער געמוזט פאַרקויפן זאַכן און פאַרדינגען צימערן פון זײַן ווױנונג.

נאָכן פאַרשליסן די ייִדן אין געטאָ איז דער קאָנטאַקט צווישן אונדז איבערגעריסן געוואָרן, אָבער נאָר אויף אַ קורצער צײַט. דער פּראָפעסאָר האָט זיך דערוווּסט ווו איך אַרבעט (אין בנין פון לוקישקער תּפיסה) און האָט ווידער פאָרגעזעצט צו קומען יעדן טאָג און ברענגען מיר עסן און ניט נאָר פאַר מיר, אויך פאַר מײַן פרוי און טאָכטער. צו מײַן מזל האָט דער קאָמאַנדיר פון אַרבעטספּלאַץ — אַ דײַטשער אָפיציר — זיך באַצויגן מענטשלעך צו די ייִדישע אַרבעטערס און האָט דעם פּראָפעסאָר ניט געשטערט אין זײַנע באַזוכן. און ווען איך בין געווען פאַרנומען בײַ דער אַרבעט, פלעגט ער דעם פּראָפעסאָר אײַנלאַדן צו זיך און בעטן וואַרטן ביז איך וועל קומען. עס איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז דער דאָזיקער דײַטש האָט פאַרלאַנגט, אַז דאָס עסן, וואָס מען ברענגט פאַר אַלע אַרבעטערס און אויפזעערס, צווישן וועלכע ס׳זענען אויך געווען דײַטשע סאָלדאַטן און אונטער־אָפיצירן, זאָל מען צו ערשט אַרויסגעבן די ייִדן. ער פלעגט באַמערקן: „די יודן זאָלן זיך אויך אײַן

מאָל זאָט עסן". דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן דײַטשן אָפיציר האָב איך לײדער פאַרגעסן.

איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז בשעת דער פּראָפעסאָר איז געקומען בין איך בכלל ניט געווען בײַ דער אַרבעט. מײַנע חברים האָבן אים געזאָגט אַז מען האָט מיך אַוועקגעפירט אויף פּאָנאַר — און פון דאָרט קומט מען שוין ניט צוריק. טראָץ דעם איז דער פּראָפעסאָר צו מאָרגנס ווידער געקומען און האָט מיך געטראָפן — מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן פון טראַנספּאָרט.

דרײַ מאָל האָט זיך מיר אײַנגעגעבן. דרײַ מאָל בין איך אַנטלאָפן פון די טראַנספּאָרטן וואָס האָבן געפירט קיין פּאָנאַר. נאָכן דריטן מאָל האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט: „מיר האָבן שוין ניט קיין כּוח דאָס נאָך אַ מאָל איבערצולעבן. מיר האָבן באַשלאָסן אַז איר דאַרפט אַנטלויפן פון געטאָ". אויף מײַן באַמערקונג, אַז דאָס קאָן געלינגען נאָר דאַן, ווען ס'איז פאַראַן וווּהין צו אַנטלויפן, למשל — אין אַ דירה פון פּאָליאַקן און דאָרט זיך אויפהאַלטן, האָב איך באַקומען אַן ענטפער: „איר וועט זײַן בײַ אונדז". אויף מײַן צווייטער באַמערקונג, אַז מיר האָבן אין געטאָ פרײַנד, וועלכע מיר ווילן ניט איבערלאָזן, איז דער ענטפער געווען: „זאָלן זיי אויך קומען".

נאָך דער אַרבעט האָב איך אַלץ דערציילט מײַן פרוי און טאָכטער און מײַנע פרײַנד, דער לערירן סאָפיע וואָלק, איר מוטער און צוויי שוועסטער, פון וועלכע איינע געהאַט אַ צען־יאָריקן זון. מיר האָבן באַשלאָסן אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג און צו מאָרגנס אַרויסגיין פון געטאָ איינציקווײַז. איך האָב באַדאַרפט זײַן דער ערשטער.

דער פּראָפעסאָר האָט אונדז אַרײַנגעפירט אין אַ צימער און באַמערקט, אַז דער שכנותדיקער צימער איז פאַרדונגען צו אַ ליטווינער, וועלכער איז אין קאָנטאַקט מיט די דײַטשן, און מיר דאַרפן זיך אויפפירן, אַז ער זאָל ניט באַמערקן, אַז אין דער וווינונג געפינען זיך פרעמדע מענטשן, מיט וועלכע מ'וויל אים ניט באַקאַנט מאַכן. אַרויסגיין אין קלאָזעט אָדער אין וואַשצימער האָט מען געקאָנט נאָר דאַן ווען דער פּראָפעסאָר, זײַן פרוי אָדער זייער טאָכטער האָבן אונדז געגעבן אַ צייכן, אַז „מ'קאָן". ווען דאָס איז אַ לענגערע צײַט ניט געווען מעגלעך האָט מען אין אונדזער צימער אַרײַנגעטראָגן ספּעציעלע כּלים און דערנאָך זיי אַרויסגענומען.

ד"ר טאַדעוש טשעזשאָווסקי האָט מיט דער הילף פון זײַנע געוועזענע סטודענטן און אַסיסטענטן זיך פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן פאַר אונדז „אַרישע דאָקומענטן". דאָס איז ניט געווען לײַכט. ער האָט ניט געהאַט גענוג געלט צו באַצאָלן די ספּעציאַליסטן, וואָס האָבן פון דעם געמאַכט אַ געשעפט. האָט ער געדאַרפט זוכן מענטשן, וועלכע האָבן דאָס געטאָן ניט פאַר געלט, נאָר מיטן איינציקן ציל — כּדי צו ראַטעווען ייִדן. אַזעלכע האָבן זיך געפונען. דאָס האָט אָבער געדויערט עטלעכע וואָכן. אין משך פון דער צײַט האָבן מיר אַלע געלעבט אין שפּאַנונג און שרעק. איין מאָל איז דער פּראָפעסאָר געקומען פון גאַס און דערציילט, אַז די דײַטשע פּאָליציי האָט אויפגעשטעלט תּליות, אויף וועלכע מען הענגט קריסטן, וואָס העלפן ייִדן. ער האָט אָבער צוגעגעבן

פאַר זייַן פרוי און טאָכטער: „דענערווירט זיך ניט, דאָס שלעכטס מוז אומקומען און וועט ניט באַהערשן די וועלט“.

נאָכן באַקומען די נייטיקע אַרישע דאָקומענטן האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן אַן אָרט זיך אייַנצואָרדענען. בלייַבן אין ווילנע, בייַם פּראָפעסאָר אָדער ביַי זייַנע פרייַנד, איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס געפאַר פאַר זיי און פאַר אונדז. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן ווילנע און זיך באַזעצן אין וויַיטע דערפער. פאַר מיר און מייַן משפחה איז באַשטימט געוואָרן דאָס דאָרף גריגאָראָוויץ, וווּ דעם פּראָפעסאָרס פרוי האָט געהאַט אַ ווירטשאַפט, וועלכע זי האָט געירשנט פון אירע עלטערן. פאַר די וואָלקס האָט מען באַשטימט אַן אַנדער דאָרף, דעם נאָמען האָב איך פאַרגעסן. ביידע דערפער זייַנען געווען אין דער געגנט פון שטעטעלע דיסנע.

דאָס אַריבערפירן אונדז אין די באַשטימטע ערטער האָט אויף זיך גענומען דער לערער אַנטאָשטשוק, דעם פּראָפעסאָרס אַ געוועזענער סטודענט. ער האָט פון זייַנע פרייַנד באַקומען אַ וואָגן מיט אַ פערד. כּדי אויסצומיַידן באַגעגענישן מיט דייַטשע אָדער ליטווישע פּאָליציי זענען מיר געפאָרן מיט זייַטיקע וועגן. כּדי ניט אַרויסצורופן אַ פאַרדאַכט ביַי דער ציווילער באַפעלקערונג, זענען ניט אַלע 8 געזעסן אין וואָגן, נאָר די עלטערע פרויען. די צוויי מענער און צוויי ייִנגערע פרויען זענען געגאַנגען צו פוס עטלעכע הונדערט מעטער פאַרן וואָגן. במשך דעם גאַנצן וועג, וואָס האָט געדויערט פיר טעג, איז געווען נאָר איין פאַל, וועלכער האָט געקאָנט ברענגען צו אַ טראַגישן סוף. אונדז, די פוסגייערס, האָט אָפּגעשטעלט אַ פּאָליציי־פּאַטראָל און קאָנטראָלירט אונדזערע דאָקומענטן. אונדזער אויסזען האָט ביַי זיי אַרויסגערופן אַ חשד. זיי האָבן אָנגעהויבן פאָרשן און שטעלן פאַרשיידענע פראַגעס. דער לערער אַנטאָשטשוק האָט זיך באַאומרויִקט און באַשלאָסן איבערצורייַסן די אויספאָרשונג מיט אַ ריזיקאַלישן שריט. ער האָט אונטערגעיאָגט דאָס פערד און מיט אימפּעט אַרויפגעפאָרן אויפן וואָגן פון די דייַטשן, אַזוי שטאַרק, אַז אַ ראָד פון זייער וואָגן איז צעבראָכן געוואָרן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגערייַ. די דייַטשן האָבן פאַרגעסן אין אונדז און ביז די קריגערייַ האָט זיך פאַרענדיקט האָבן מיר זיך אָפּגעטראָגן.

אין דאָרף גריגאָראָוויץ האָט אונדז דער פאַרוואַלטער פון דער ווירטשאַפט איוואַנאָווסקי פרייַנדלעך אויפגענומען און געזאָגט, אַז עס איז שוין דאָ אין זייַן ווירטשאַפט אַ פאַמיליע (מאַיען), וועלכע דער פּראָפעסאָר האָט אַהער געשיקט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיר זייַנען ייִדן, האָט אונדז צוגעטיילט אַ וווינונג און געגעבן באַשעפטיקונג אין דער ווירטשאַפט. מיר האָבן שווער געאַרבעט, אָבער געלעבט גוט און פאַרהעלטנישמעסיק רויִק. די אייַנוווינערס פון דאָרף, וויַיסרוסן, און אויך די אָרטיקע דייַטשע מאַכט, האָבן ניט געהאַט קיין חשד בנוגע אונדזער נאַציאָנאַליטעט. מיר האָבן זיך אונטערשיידט פון די ייִדן אין די אַרומיקע שטעטלעך, מיט וועלכע זיי זענען געקומען אין קאָנטאַקט, סיַי מיט אונדזער אויסזען און סיַי מיט אונדזער אויסשפּראַך.

מיר האָבן זיך גאַנץ פריַי באַוועגט און אָפט געפאָרן אין פאַרשיידענע ערטער,

כּדי צו דערליידיקן ענינים, וואָס זענען געווען פֿאַרבונדן מיט דער ווירטשאַפֿט.

אַנדערש איז געווען די לאַגע פֿון די וואָלקס. אַ ווילנער קריסט האָט זיי דערקענט און געמסרט. זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן.

אין דיסנע האָבן מיר געזען די מערדערישע באַציִונג פֿון אַ טייל ווײַסרוסן און פּאָליאַקן צו זייערע ייִדישע שכנים. מיר האָבן אָבער אויך געזען פֿאַלן פֿון מענטשלעכער באַציִונג, — חוץ מצד איוואַנאָווסקין, וועלכער האָט זיך באַגאַסן מיט טרערן נאָך יעדער ידיעה וועגן הרגענען ייִדן אין דיסנע, איז מיר געבליבן אין זכרון נאָך אַ מענטש, וועמענס האַלטונג איז כּדאַי צו באַשרײַבן. בשעת אַ וויזיט בײַ אַלכּסנדר קוראַש איז אין אַ געוויסן מאָמענט אַרײַן אַ פּרוי און געזאָגט: „אַלכּסנדר, שפּאַן אײַן דאָס פֿערד און מיר וועלן פֿאָרן קיין דיסנע, דאָרט קאָן מען שיינע זאַכן קויפֿן פֿאַר ווייניק געלט"; אַלכּסנדר איז געוואָרן רויט ווי אַ בוריק און אָנגעהויבן שרײַען: „שווײַג, דו נאַרישע ווײַב, ווײַל איך וועל דיך דערהרגענען! דאָס זענען זאַכן פֿון דערמאָרדעטע ייִדן. מ'זאָל מיר זיי געבן אומזיסט, און אַפֿילו צוצאָלן, וועל איך זיי ניט נעמען". איך האָב זיך געמוזט שטאַרק באַהערשן, כּדי מ'זאָל ניט דערקענען, אַז איך בין זייער גערירט. פֿאַרשטייט זיך, אַז עס זענען ניט געווען קיין סך אַזעלכע אויסדרוקן פֿון פֿאַראַכטונג צו דער באַרבאַרישער באַציִונג לגבי ייִדן, אָבער אַ פֿאַקט איז, אַז אַזעלכע אויסדרוקן זענען געווען און אַז עס זענען געווען קריסטן, וועלכע האָבן ריזיקירט מיט זייער לעבן, כּדי צו ראַטעווען ייִדן.

מײַן משפּחה איז ניט געווען די איינציקע, וואָס האָט געלעבט אין גריגאָראָוויץ. איך האָב שוין דערמאָנט, אַז פֿאַר אונדז זענען דאָרט אָנגעקומען די מאַיענס, וועלכע האָבן זיך נאָך דער מלחמה באַזעצט אין וואַרשע. נאָך אונדז זענען אָנגעקומען חיים עפּשטיין (אייגנטימער און דירעקטאָר פֿון דער גימנאַזיע „עפּשטיין"), מיט זײַן פֿרוי און צוויי קינדער, נאָך זיי איז געקומען תּמרה וואָלפֿסאָן. אויף מײַן פֿראַגע, צי זענען זיי פֿאַר דער מלחמה געווען אין קאָנטאַקט מיטן פּראָפֿעסאָר, האָבן זיי געענטפֿערט אַז ניין, אָבער זיי האָבן געהערט אַז דער פּראָפֿעסאָר האָט געהאָלפֿן מיר און מײַן פֿאַמיליע, האָבן זיי זיך אויך צו אים געווענדט און ער האָט זיך מיט זיי פֿאַרנומען.

ד"ר טאַדעוש טשעזשאָווסקי און זײַן משפּחה האָבן זיך נאָך דער מלחמה באַזעצט אין טאָרון, וווּ ער איז געווען פּראָפֿעסאָר אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט (איצט שוין אויף פּענסיע). זײַן אַדרעס איז:

TADEUSZ CZEŻOWSKI
UL. WARSZAWSKA 20
87-100 TORUŃ 1. POLSKA

אין יאָר 1961 האָבן מיר, די געראַטעוועטע, וועלכע געפֿינען זיך אין ישׂראל, צוזאַמען מיטן פֿאַרבאַנד פֿון יוצאי-ווילנה אײַנגעלאַדן דעם פּראָפֿעסאָר און זײַן פֿאַמיליע אין ישׂראל. אין יאָר 1963 איז אין „שדרות חסידי-אומות-העולם" פֿון „יד ושם", אין ירושלים, פֿאַרפֿלאַנצט געוואָרן אַ בוים צו זייער אָנדענק.

**צבי ראַיאַק**

# די לוויה פון פּראָפאַנירטע ספר־תּורות

ראש־חודש סיון 1945 האָבן ווילנער ייִדן באַגלייט צום בית־עולם הונדערטער ספר־תּורות — צעטראָטענע, צעפלעקטע, ניט־דערברענטע. די לוויה, אָרגאַניזירט דורך דעם ביסל אָפּגעראַטעוועטע ייִדן פון ווילנע און דער פּראָווינץ, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ריזיקער טרויער־דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן זיך אויך באַטייליקט ניט־ייִדן. אויך מיליטער־לײַט זענען געקומען צו דער לוויה.

אין דער טײלווײַז צעשעדיקטער ווילנער כאָרשול „טהרת הקודש", זאַוואַלנע גאַס 35 (אַלע ווילנער שולן אויסער דער כאָרשול און אַ קליין בית־מדרשל אויף דײַטשע גאַס 19 האָבן די דײַטשן חרוב געמאַכט), איז אויף דער בימה פון פרימאָרגן אָן געווען אויסגעשטעלט אַ סימבאָלישער שוואַרצער אָרון אָנגעפּילט מיט צעפליקטע ספר־תּורות, באַדעקט מיט צעריסענע טליתים, אויף וועלכע עס זענען געווען פלעקן פון פאַרטריקנטן בלוט. בײַ דער זײַט האָבן געברענט שוואַרצע ליכט. דאָס בילד אַליין איז שוין גענוג געווען ווידער אַ מאָל אויפצועפענען די ווונדן בײַ די אומגליקלעכע ייִדן.

נאָך דעם ווי עס איז געמאַכט געוואָרן אַ הזכּרה נאָך די אומגעבראַכטע קדושים פון ווילנע און איר אומגעגנט האָט דער רב־פּליט פון רוסלאַנד הרב איזבאַנד (אַלע ווילנער רבנים, אויסער איינעם, הרב גוסטמאַן, זענען דערמאָרדעט געוואָרן), געמאַכט די ברכה פון „הטוב והמטיב" און אָפּגעהאַלטן אַ הספּד. דערנאָך האָט מען געלייענט אין דער תּורה. מען האָט זיך באַמיט אויפצורופן וואָס מער ייִדן, ווײַל דער גרעסטער טייל איז איצט, נאָך דער באַפרײַונג, געווען דאָס ערשטע מאָל בײַ קריאת־התּורה און אַלע — על־פּי נס געראַטעוועטע — האָבן געוואָלט גומל בענטשן. אָבער אַלעמען אויפרופן האָט מען נישט געקענט, האָט איינער פון די עלטערע ייִדן עולה־לתּורה געווען און האָט געבענטשט גומל פאַרן גאַנצן כּלל. נאָך קריאת־התּורה האָבן זיך ייִדן מכבד געווען מיט אַרײַנלייגן געשענדעטע יריעות אין אָרון — אַ מין סימבאָלישער כּבוד המת.

נאָכן צונויפלייגן די יריעות האָבן די עלטערע פון די אָפּגעראַטעוועטע ייִדן מיט גרויס חרדה אַרויסגעטראָגן דעם אָרון אויף זייערע אַקסלען, ווי אויך די

שוואַרצע ליכט און אַרײַנגעשטעלט אין דעם אויטאָ וואָס עס האָט אויף דעם צוועק צוגעשטעלט די רויטע אַרמיי. די באַוועגונג אין גאַס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און דער צוג האָט זיך גערירט אין דער ריכטונג פון דער געטאָ. אויפן ווילנער צערויִנירטן שולהויף האָבן שוין אָפּגעוואַרט עטלעכע גרויסע לאַסטאויטאָס אָנגעלאָדענע מיט געשענדעטע ספר־תורות, צונויפגעזאַמלטע פון פאַרשידענע געגנטן אין שטאָט. דאָ אויפן ווילנער שולהויף, וועלכער האָט געשמט אין דער גאַנצער וועלט און ליגט איצט אין גרוז און אין אַש: די אַלטע גרויסע שטאָטשול, דעם גאונס קלויז, די „שבעה קרואים״, די וועלטבאַרימטע שטראַשון־ביבליאָטעק און נאָך און נאָך. אַלץ פאַרמאָגט הינטער זיך אַזאַ רײַכע היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט. דער ווילנער שולהויף איז געווען אין משך פון לאַנגע דורות דאָס וויגעלע פון הונדערטער און טויזנטער ייִדישע לומדים, תּלמידי־חכמים, גאונים, וועלט־געלערנטע, שרײַבערס און דיכטערס. יעדער שטיין, יעדער ציגל פון די הונדערטער צעשמעטערטע בנינים, בתּי־תּפילות און בתּי־מדרשים האָבן דאָך אַזוי פיל צו דערציילן פון ווילנער ייִדישן לעבן, פון ווילנער חכמים און סופרים, פון ווילנער ייִדישער גדלות, וואָס האָט משפּיע געווען אויף דעם ייִדישן לעבן אין דער גאַנצער וועלט.

אויף די חורבות פון ווילנער שולהויף האָט מען זיך איצט צונויפגעזאַמלט ניט צו הערן אַ געשמאַקן יום־טובדיקן חזן (ווילנער ייִדן האָבן תּמיד ליב געהאַט צו הערן גוטע חזנים), אַ גוטע דרשה אָדער סתּם אַזוי, אויף אַן אסיפת־עם וועגן ייִדישע קהל־ענינים איז מען געקומען. ניין: עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען צעבראָכענע, איינזאַמע, פאַריתומטע ייִדן וואָס זענען איצט געקומען אין ווילנע פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון ליטע, אוקראַיִנע, רוסלאַנד און באַלטישע לענדער (ווילנער ייִדן זענען ווייניק פאַרבליבן בײַם לעבן) צו דעמאָנסטרירן זייער גרויסן אומגליק. שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, באַהאַלטנדיק אין האַרצן זייער גרויסן ווייטיק, האָבן די ייִדן באַטראַכט זייער מיקדש־השמים, און דער קוואַל פון טרערן האָט זיך אויסגעטריקנט...

אויפן צעשמעטערטן גאַניקל פון דער חרוב געוואָרענער גאונס קלויז האָט ישעיה יאַבלאָנסקי געמאַכט די ברכה „דיין אמת״ און דער אָפּגעראַטעוועטער פון דערבײַיִקן שטעטל ניעמענטשין פּנחס בעקענשטיין האָט געריסן קריעה. עס ווילט זיך ניט אונטערגעבן, שווער אָבער דעם ווייטיק צו שטילן. דער עולם וויינט. אויף דעם זעלביקן גאַניקל גייט אַרויף דער געוו׳ דירעקטאָר פון דער גלובאָקער העברעיִשער מיטלשול מיכאל ראַיאַק (הײַנט מיטאַרבעטער אין דער פעדעראַציע פון ייִדישע געזעלשאַפטן אין פּאַריז). ער איז מספּיד די געשענדעטע ספרים — זיי וועלן זײַן עדות פאַרן כּסא־הכּבוד. זיי האָבן צוגעזען דאָס אַלץ וואָס די שונאים האָבן מיט אונדז געטאָן. און איצט פאַראייניקן זיי זיך מיט די מיליאָנען קדושים.

ה׳ גערשטאַטער ע״ה איז אויפגעטראָטן פאַרן עולם מיט אַן איבערבליק וועגן 600 יאָר ווילנער שולהויף, וועגן דער שטאָטשול, וועגן גאונס קלויז, „שבעה

קרואים״, שטראַשון־ביבליאָטעק, וועלכע די דייַטשן האָבן פאַרברענט.

דער טרויערצוג האָט זיך געצויגן איבער אַלע גאַסן פון דער געטאָ, ויך פאַרהאַלטן ביי יעדן פונקט ווו עס זענען פאָרגעקומען שחיטות איבער ייִדן און האָט זיך גערירט אין דער ריכטונג פון זאַרעטשער בית־עולם. דער עולם איז געגאַנגען טריט ביי טריט, אייַנגעהילט אין טיפן טרויער, נאָך דעם אָרון מיט די כתבי־קודש און מאַשינעס באַדעקטע מיט פאַרבלוטיקטע טליתים. דאָס שטילע טראַגישע בילד האָט געמאַכט אַן אומגעהייַערן רושם אויך אויף ניט־ייִדן, וועלכע זענען אין געדיכטע מאַסן געשטאַנען בייַ ביידע זייַטן פון די גאַסן.

אויפן בית־עולם, בייַם אָפענעם קבר, איז אַרויסגעטראָטן דער שרייַבער פון די שורות. ער האָט דורכגעפירט אַן אַנאַלאָגיע צווישן די ייִדישע צרות און אומגליקן אין פאַרשידענע תקופות און אויסגעפירט, אַז דער איצטיקער חורבן איז פיל גרעסער און גרויזאַמער, אַפילו פונעם חורבן־הבית. אויב דאָרט האָט דער נביא געזאָגט: „מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה יומם ולילה על חללי בת עמי״, הייַנט וואָס קענען מיר שוין זאָגן?

— — —

דער רעדנער האָט דערמאָנט די ייִדישע גדולים, וואָס ליגן אויפן ווילנער בית־עולם און גערופן די לעבן־געבלייבענע אָנצוּווענדן זייער גאַנצע מי צו רעסטאַווּרירן די צעשטערטע שטאָטשול, די ווענט פון וועלכער עס זענען צופעליק שטיין געבליבן, זאָל כאָטש פאַרבלייַבן אַ זכר, אַ מאָנומענט פון דער ייִדישער ווילנע.

אין דער גניזת־הספרים האָבן זיך באַטייליקט אַלע אָנוועזנדיקע. יעדער האָט געהאַלטן פאַר אַ מיצווה צוצוטראָגן אַ שטיקל פאַרשוועכטע יריעה, אָדער אַ ספר און אַרייַנטאָן עס אין קבר. די תורה און הייליקע ספרים האָבן מער מזל געהאַט ווי די אומגעבראַכטע ווילנער ייִדן — זיי האָבן דאָך לכל־הפחות זוכה געווען צו קומען צו קבורה...

די שוידערלעכע לוויה האָט זיך פאַרענדיקט. אַ פאָטער האָט מיטגעברענגט דעם שוין פונאַנדערגעלייגטן קערפּערל פון זייַן קינד, וועלכן די דייַטשן האָבן דערמאָרדעט מיט אַ צייַט פריִער און וועלכן ער האָט אויסגעגראָבן פון צייַטווייַליקן קבר אין אַ מאַלינע, ווו ער איז, מיט נאָך ייִדן, געלעגן באַהאַלטן.

איצט האָט דער פאָטער געבראַכט צו קבר־ישׂראל דאָס פאַרפּייַניקטע קינד — צוזאַמען מיט די הייליקע ספרים.

דער קבר איז פאַרשאָטן. יעדער פון די פאַרזאַמלטע האָט צוגעטראָגן אַ הויפן ערד און דער פאַריתומטער טאַטע האָט געזאָגט קדיש...

## סימע סקורקאָוויטש

# אין אַ זאַווערוכע־טאָג

שלעפּט זיך אַ פּאַרטיע ייִדן דורך דער שטאָט נאַרווע, יונגע מענער און פרויען פון ווילנע און ליטווישע שטעטלעך, געפירט פון עסטישע וואַך־פּאָליציאַנטן.

אונדזערע קלומפּעס, די הילצערנע שיך, קלאַפּן איבערן ברוק. די קעלט נעמט דורך אונדזערע ביינער.

איך געדענק אַ גאַס, אַ לאַנגע, פּאַראַלעל צו דעם רוישנדיקן נאַרווע־טײַך. שיינע מויערן, ביימער פון ביידע זײַטן גאַס.

ווען אונדזערע פּאַרטיעס גייען דורך דער גאַס עפענען זיך פענצטער און אײַנוווינערס וואַרפן ברויט, שטיקער ברויט, צו אונדז, די געטריבענע.

אין איינעם אַזאַ טאָג, אַ ווינטיקן, שנייִיקן און נאַסן, האָט מען אונדז, אַ גרופּע ווילנער, נאָכן דורכמאַכן אַ לאַנגן וועג, צוגעטריבן צו דער פראָנט־ליניע, צו די ערשטע פּאָזיציעס פון דער דײַטשער אַרמיי.

מיר האָבן געשעפּט דאָס וואַסער פון די בונקערס. און ווען אַ בונקער איז פאַרטיק געוואָרן, האָבן אים פאַרנומען די דײַטשע שטור־מיסטן, סאָלדאַטן אין שוואַרצע בגדים.

דער ווינט איז עטוואָס ווייכער געוואָרן. עס שנייט און שנייט. מיר שטייען ביז די קני אין וואַסער. מיר שעפּן און שעפּן, אָן רייד, אָן מחשבות, שטום און ניט־דאָיִק.

מיט אַ מאָל: איבעררײַס!

די צעוואָרפענע גרופּקעס אונדזערע קלײַבן זיך צונויף לעבן אַ שײַער, טוליען זיך איינער צום אַנדערן, און צום שײַער. די ברי־דער מאַרעק און פּימאַ שאַפּירא, אָנגעשפּאַרט אין וואַנט פון שײַער פאַרציִען אַ באַקאַנטן ניגון.

מיר זינגען ייִדישע לידער.

אין דער פאַרשנייטער פּוסטקייט, אויף אַן אָפּשניט פון עסטאָ־נישן פראָנט, אין אַ נאַסן פרעמדן ווינטער פון 1944 האָבן זיך אַוועקגעקײַקלט אומגעשטערט מוטיקע ייִדישע קלאַנגען.

איצט איז אונדז גוט. מיר זענען יונגע, צעזונגענע קינדער פון ווילנע...

איך געדענק, אַ נאַסער זאַווערוכע־טאָג אין עסטלאַנד — —

## לייבל אורבאַך

# מייַנע באַגעגענישן מיט הירשקע גליק

אונדזער באַקאַנטשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן בערך מיט 35 יאָר צוריק, ווען מיר האָבן ביידע געאַרבעט ניט ווייַט איינער פון צווייטן, ער אויף ראָג זאַוואַלנע און גרויס־סטעפּן־גאַס, ביי שובן אין פּאַפּיר־געשעפט, און איך — אַנטקעגן, ביי קאָלדאָווסקען אין אַפּטייק. כמעט יעדן טאָג פלעג איך צו אים אַרייַנקומען, כאַפּן מיט אים אַ שמועס וועגן פּאָליטיק, אָדער סתם־ענינים, כאָטש מיר זענען געווען פון פאַרשיידענע פּאָליטישע אָנשויונגען.

ווען די נאַציס האָבן אָקופּירט ווילנע, שוין אין געטאָ, פלעגן מיר זיך ווידער באַגעגענען, אָבער שוין אין אַנדערע אומשטענדן — אין די ראַמען פון דער פּפ״אָ, צו וועלכער מיר האָבן ביידע אָנגעהערט.

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1943, ווען מיר האָבן פון די באַריקאַדן אויף סטראַשון־גאַס 12 געשאָסן אין די ס.ס.־באַנדיטן, איז געווען מיט אונדז זייַן ליד „זאָג ניט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג...״

אין דעם ניט־גלייַכן קאַמף זענען געפאַלן כמעט אַלע חברים, פאַרשאָטן געוואָרן אונטער די חורבות פון אויפגעריסענעם בנין. 4־5 קעמפערס פון איבער 60 האָבן זיך געראַטעוועט. איך בין געווען צווישן די, וועמען דאָס מזל האָט צוגעשפּילט.

שפּעטער האָבן מיר זיך באַגעגנט אין די לאַגערן פון עסטלאַנד.

אין נאַרוואַ־לאַגער זענען געווען איבער 5000 ייִדן. יעדן פרימאָרגן פלעגט דער ס.ס.־מאַן פאַניקער אַרייַנפאָרן אין לאַגער אויף זייַן מאָטאָציקל, ווו מיר, גרייטע צום אַפּעל, זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין רייען — באָרוועסע, הונגעריקע, פאַרפרוירענע. שעהען האָט געדויערט ביז ער האָט אונדז דורכגעקוקט, איבערגעציילט. הירשקען האָבן זיך, ווייַזט אויס, אָט די סצענעס אייַנגעקריצט אין זכרון און אין די אָוונטן, אין בלאָק נומ׳ 5, פלעגט ער נאָכמאַכן פאַניקערן, דעקלאַמירנדיק בייַסיקע גראַמען, וועלכע ער האָט פאַרפאַסט, כדי צו פאַרווייַלן און דערמוטיקן זייַנע חברים.

דאָס ליד „זאָג ניט קיין מאָל" איז דערגאַנגען צו פּאַניקערס אויערן. איין מאָל, בעת דער עוואַקואַציע פון לאַגער אַזערי, ווען מיר זענען לאַנגע קילאָמע־טערס געגאַנגען צו פוס קיין גאָלדפּילץ, האָט ער באַפוילן צו זינגען דאָס ליד. דער ס.ס.־מאַן האָט ניט געוווּסט, אַז אין די זעלבע רייען, צוזאַמען מיט אונדז, מאַרשירט דער מחבר פון דעם ליד — הירשקע גליק.

אין לאַגער גאָלדפּילץ האָבן מיר געפילט, אַז ס׳דערנענטערן זיך אונדזערע לעצטע שעהען. מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן. 40 מאַן זענען מיר געווען און הירשקע צווישן אונדז. איך געדענק, ווי לויפנדיק צווישן די באַראַקן האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף סימעלע סקורקאָוויטש. זי האָט מיך באַגלייט מיט די ווער־טער: „אַנטלויפט, לייבל, און נעמט נקמה פאַר אונדז אַלעמען!"

ביי די דראָטן פון לאַגערצוים, באַוואַכטע פון די פּאָסטן־טורעמס מיט מאַשין־געווער, איז פאָרגעקומען מיין לעצטע באַגעגעניש מיט הירשקען. אין דער לאַגע פון כאַאָס און העכסטער שפּאַנונג האָט ער פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן זיך צעוואַרפן אין קליינע גרופּעס און דורכרייסן זיך גלייכצייטיק אין פאַרשיידענע ערטער: דורך די דראָטן, דורכן טונעל און דורכן טויער. אַזוי האָבן מיר געטאָן.

שוין זייענדיק אין וואַלד האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַ גרופּע פון 9־10 חברים, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען הירשקע גליק, איז אַרומגערינגלט געוואָרן, ווען זיי האָבן נאָכן אַנטלויפן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ שייער, און אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן.



אריה שעפטעל

# דער לעצטער קאָנצערט

(פראַגמענט פון בוך „ייִדן אין שטוטהאָף")

דרײַ זענען זיי געווען — דער אָבערקאַנטאָר פֿון ריגע מיכּה סערענסאָן, אַ באַגאַבטער מוזיקאַלישער יונגער־מאַן איבער 33, געענדיקט ווילנער קאָנסערוואַטאָריע, דער ווילנער שטאָט־חזן אידעלסאָן און דער באַוווּסטער זינגער פון ריגע מאַלקין. יעדער פון זיי האָט זיך געוואָלט ראַטעווען פון הונגערטויט, וואָס האָט אים געדראָט אין לאַגער, פאַרדינען אַ טעלער זופּ. זיי האָבן געוווּסט, אַז בײַ די „בערופס־פערברעכער", וועלכע זענען געווען די מיוחסים פון לאַגער און פאַרנומען וויכטיקע ערטער אין דער אַדמיניסטראַציע, גייען אויס די הערצער נאָך אַ ביסל געזאַנג. יאָרן לאַנג זענען זיי געזעסן אין די תּפיסות — פון וואַנען מען האָט זיי אַריבערגעפירט אין לאַגער — און פון דאָרטן האָבן זיי געבראַכט די שוואַכקייט צו סענטימענטאַלע לידער.

די דרײַ זינגערס האָבן געשאַפן אַן „אַנסאַמבל" און פאַרווײַלט די „פּראָמינענץ" פון לאַגער מיט פּוילישע, רוסישע און ייִדישע פאָלקסלידער און אַזוי אַרום פאַרדינט זייער טעלער זופּ.

איין מאָל, בעת אַ קאָנצערט אין בלאָק 15 — בלאָק פון דער „קיכעדינסט", קאַפּאָס און אַנדערע מיוחסים — איז אויפן קאָנצערט בײַגעווען דער בלאָקעלטסטער פון בלאָק 6 פריץ. ס'האָט אים ניט געפּאַסט, וואָס זײַן בלאָק, וועלכער באַשטייט פון דײַטשע פאַרברעכערס אין פראַנצויזן איז הינטערשטעליק אין אַזעלכע אימפּרעזעס לגבי דעם בלאָק 15. האָט ער אײַנגעלאַדן די זינגערס אויף „הויטע אַבענד" און זיי צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן דערפאַר באַקומען ברויט.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

אַוונט. אַ קאָנצערט אין בלאָק 6. פריץ האָט אײַנגעלאַדן צום קאָנצערט אַלע זײַנע חברים, די גאַנצע „פּראָמינענץ" און אויך דעם מלאך־המוות, דעם אָבערשאַרפירער פּאָט. סערענסאָן זיצט בײַם קלאַוויר און זינגט אַ שטימונגסליד. בײַ די גזלנים באַווײַזן זיך טרערן אין די אויגן. אויך פּאָט איז גערירט, אָבער פּלוצעם גיט ער אַ באַפעל:

— זאָל זיך זאָפּאַרט מעלדן דער זינגער פון פינצטערן וואַלדע, דער קלאָון פון ווײַסען צירק!..

סערענסאָן גייט צו אים מיט ציטערדיקע טריט.

— ווו האָסטו זינגען געלערנט?

סערענסאָן שטאַמלט:

— איך האָבע איבערהאַופּט קיין זינגען געלערנט. איך בין איין אָרעמער שנײַדער, מײַן פאַטער וואָר אויך איין שנײַדער...

— ווו האָסטו די דויטשע שפּראַכע געלערנט? דו זינגסט און שפּילסט זאָ שיין, דו אַלטער מוזולמענער, דו ביסט דאָך איין געשולטער קלאַוויר־שפּילער! ווען דו זאַגסט ניכט די וואַרהייט, קאָמסטו מאָרגען אין גאַזקאַמער...

סערענסאָנען האָט אָפּגענומען דאָס לשון. דער ס.ס.־מאַן כאַפּט אַ הייסע גלאָז וואַסער, באַגיסט אים און צעברעכט די גלאָז אויף זײַן קאָפּ.

סערענסאָן ליגט אין וואַשצימער. מען גיסט אויף אים קאַלט וואַסער. פריץ קומט אָן און זאָגט רויִק, אַז דער הונט איז שוין אַוועק און דער קאָנצערט מוז פאַרגעזעצט ווערן.

אַ נאַסער, אַ דערשלאָגענער זיצט סערענסאָן בײַם קלאַוויר און שפּילט די „וואָלגאַ־ליד" פון לעהאַר. פּלוצעם באַווײַזט זיך לעבן טיר פּאָט אַ טויט־שיכורער. ער שטייט אָנגעשפּאַרט בײַם טיר און הערט אויס דאָס גאַנצע ליד. פּלוצעם גיט ער אַ פרעג, פאַר וואָס איז נאַס בײַם קלאַוויר (ס'האָט אָנגערונען פון סערענסאָנס נאַסע בגדים) און גיט צו:

— די שמוציקע זויע מוז זיך מאָרגן מעלדן אום צען אוהר...

סערענסאָן און זײַנע חברים האָבן געזונגען אַ גאַנצע נאַכט. אויף מאָרגן צען אין דער פרי האָט שוין פּאָט געוואַרט אויף סערענסאָנען און דערזעענדיק אים געזאָגט:

— הויטע זינגסטו דאָס לעצטע מאַהל פיר דײַנע גענאָסן, אָבער דו מוזסט איין אַנשטענדיקן קאָנצערט געבען.

צוזאַמען מיט אַ פּאַרטיע ייִדן איז סערענסאָן אָפּגעשיקט געוואָרן אין גאַזקאַמער.

עטלעכע מינוט פאַרן פאַרמאַכן די טיר פון גאַזקאַמער איז אַרײַנגעלאָפן פריץ און אויסגעשריִען:

— ווו איסט דער שנײַדער? ווו האָסטו מײַנע האָזן און באַרשטע הינגעלייגט? זאָפּאַרט, דו אַלטער פערברעכער, דו ציגײַנער־הונט!..

פריץ האָט סערענסאָנען אַרויסגעשלעפּט פון גאַזקאַמער און גע־הייסן אים שנעל לויפן. ער אַליין איז אים די גאַנצע צײַט נאָכגעלאָפן און נאָכגעשריִען: „זאָפאָרט מײַנע האָזן צו ביגלען!”...

פריץ האָט באַהאַלטן סערענסאָנען אין בלאָק 6 אונטער דער פּאָד־לאָגע. פּאַט האָט געוואָרנט, אַז אויב אין משך פון פינף מינוט וועט זיך סערענסאָן ניט מעלדן, ווערן אַלע אָפּגעשיקט אין גאַזקאַמער.

פריץ איז געפאַלן אויף אַ המצאה. ער איז אַרײַן אין שטובע 13 פון בלאָק 6, וווּ ס׳האָבן זיך געפונען לעטישע ס.ס.־מענער, וועלכע מען האָט פאַרהאַלטן אין שטוטהאָף נאָך דעם ווי זיי האָבן געבראַכט אַ פּאַרטיע ייִדן. זיי זענען צוזאַמען מיט זייערע קרבנות געבליבן אין לאַגער אַלס העפטלינגע. די דײַטשן האָבן, ווײַזט אויס, ניט געהאַט צו זיי קיין צוטרוי. פריץ האָט אויסגעקליבן אַ לעטישן ס.ס.־מאַן, אַ פיגור ענלעך צו סערענ־סאָנען, אַרײַנגעפירט צו זיך אין וואַשרוים און מיט אַן אײַזערנער הענטש־קע אים אַזוי צעכליאַסקעט דעם פּנים, אויסגעהאַקט די אויגן, אַז ס׳איז ניט געווען צו דערקענען קיין סימן פון אַ געזיכט. אין אַ באַוווּסטלאָזן צושטאַנד האָט אים פריץ אָפּגעפירט צו פּאַטן:

— דאַ האַסטו די אויסגעשפּיקטע קירכען־ראַטצע, דעם יודישען מוזולמאַן.

און די „פיגור” האָט מען גלײַך אַוועקגעטראָגן אין קרעמאַטאָריע.



יצחק לודען

# חורבן, ווידערשטאַנד און — שאַפונג

## ווילנע און דער פּאַרטיזאַנער־וואַלד
## אין דער קינסטלערישער דאַקומענטאַציע פון אַלכסנדר באָגען

פון וואַנען נעמט זיך צום מענטשן דער כּוח־היצירה אין אָנבליק פון טויט, אין שאָטן פון אומקום און פאַרניכטונג? ווי קומט עס, אַז גראָד אין די מאָמענטן פון אַבסאָלוטער האָפענונגסלאָזיקייט איז דער מענטש מסוגל זיך צו דערהייבן צו די העכסטע הייכן פון קרעאַטיווער שאַפונג און אַרויסצוגעבן פון זיך די שטאַרקסטע פּראָדוקטן פון זײַנע אינערלעכע עמאָציעס, פון זײַן טאַלאַנט און פון זײַן שעפערישער יכולת?

זעלטענע דאָקומענטן פון אָט דעם שאַפונגס־אינסטינקט וואָס האָט ניט אויפגעהערט אין די סאַמע גרויליקסטע טעג פון דעם חורבן, האָבן זיך אויפגעהאַלטן פאַר דער געשיכטע ניט נאָר אין די טאָגביכער און ניט נאָר אין די קינדער־צייכענונגען פון מאַטהאַוזען און אַנדערע טויטלאַגערן. צופעליק זענען אָפגעראַטעוועט געוואָרן פון די וואַנדאַלישע הענט פונעם מולך אויך רײַפע קונסטשאַפונגען און אַפילו וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און פאָרשונגען, ליטעראַטור און פּאָעזיע, וואָס זענען אַרויסגעקומען אין דער זויבערסטער פאָרעם אין די סאַמע שוואַרצסטע טעג פון אומקום.

בכלל האָט די פּראָבלעם פון שאַפן פון תּמיד אָן באַשעפטיקט די פילאָסאָפן און דענקערס — ווײַל דאָס איז אַן ענין וואָס גייט אַרויס פון דעם טאָג־טעגלעכן עקסיסטענציאַלן לעבנס־אינטערעס פון מענטשן, ווי אַ באַדערפעניש פון אוניווערסאַלן מעטאַפיזישן כאַראַקטער. קיין שום געשעעניש אין דער געשיכטע האָט ניט געליפערט די פילאָסאָפן אַזאַ ממשותדיקן, אַזאַ שטאַרקן באַווײַז פאַר דער מאָטיוואַציע פון מענטשלעכער שאַפונג — ווי דער חורבן פון יידישן פאָלק, ווען קינסטלערס האָבן אין מינוטן פאַרן טויט — געשאַפן פאַר דער אייביקייט.

האָט דער גורל געוואָלט, אַז מיט דער דאָזיקער פּראָבלעם — מיט פאָרשן די מאָטיוואַציע פון קינסטלערישן שאַפן אין די יאָרן און באַדינגונגען פון חורבן — באַשעפטיקט זיך גראָד אַ קינסטלער, וועלכער איז אַליין אַ לעבעדיקער עדות און אַ לעבעדיקער בײַשפּיל פון אָט דער אומגעווייינטלעכער דערשײַנונג.

דאָס איז דער מאָלער אַלכּסנדר באָגען, וועמענס צייכענונגען, האָלצשניטן, קופּער־שטיכן און באַרעליעפן פון ווילנע און פון פּאַרטיזאַנער־וואַלד זענען איצט דערשינען אין אַ פּראַכטפולן אָנדענק־אַלבאָם געווידמעט דעם חורבן, דעם אויפשטאַנד און — זײַן אייגענער קינסטלערישער שאַפונג.

דער אַלבאָם, אַרויסגעגעבן פון „יד ושם” אין ירושלים, אַנטהאַלט צענדליקער צייכענונגען וואָס דער קינסטלער האָט אויסגעפירט טאַקע אין זײַן קאָנפראָנטאַציע מיטן מלאך־המוות אין מאָמענטן, ווען דער טויט האָט געוואַרט אויף אים, אויף די וועגן צווישן געטאָ און וואַלד, אין די געדיכטע פּאַרטיזאַנער־וועלדער און אויפן שלאַכטפעלד פון דעם אַנטי־נאַצישן פּאַרטיזאַנער־קאַמף.

אַלכּסנדר באָגען, — אַ קינד פון דער ייִדישער ווילנע, אַן אייניקל פון ר׳ טוביהלע פון וואָלקאָוויסק, וועלכער איז געווען אַ רב און אַ באַקאַנטע למדנישע פּערזענלעכקייט אין דער שטאָט, — געוועזענער סטודענט פון דעם קונסט־פאַקולטעט אויפן ווילנער אוניווערסיטעט, און שפּעטער לערער אין דער הויכשול פאַר פּלאַסטישער קונסט אין לאָדזש, איז הײַנט אַ באַקנטער מאָלער און קונסטלערער אין תל־אביב. אין די צײַטן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע איז ער געווען קאָמאַנדיר פון אַ פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד אין די וועלדער פון נאַראָטש אין ווײַסרוסלאַנד. ער איז געווען, צוזאַמען מיט אַבאַ קאָוונער און מיט אַנדערע, צווישן די וואָס האָבן געהאָלפן אַרויספירן גרופּעס ייִדישע יוגנטלעכע פון ווילנער געטאָ, אין די ראַמען פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע, און זיי אָנגעשלאָסן אין דעם פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד „נקמה”, וועלכער האָט זיך שפּעטער דעראָבערט אַ סך רום מיט זײַנע העלדישע מעשׂים, אין קאַמף קעגן דעם אַכזריותדיקן אָקופּאַנט.

דאַכט זיך, אַז אין אַזעלכע אומשטענדן, ווען דאָס מעסער ליגט אויפן האַלדז און דער שׂונא לויערט, איז קיין געמיט ניטאָ צו טראַכטן וועגן קונסט.

אָבער פאַר קינסטלערס, פאַר קינסטלערישער שאַפונג זענען ניטאָ „ניט־גינסטיקע אומשטענדן”; פאַרקערט, גראָד אין מאָמענטן פון עמאָציאָנעלער שפּאַנונג און טיפע איבערלעבענישן געפינט דער אמתער קינסטלער די אינספּיראַציע פאַר קרעאַטיווער שאַפונג. אַ. באָגען, וועלכער חידושט זיך הײַנט איבער דעם דאָזיקן פענאָמען, האָט דע־מאָלט, אין יענע אומשטענדן דאָקומענטירט מיטן בלײַפעדער און מיט יעטוועדן מעגלעכן מיטל (ווי, למשל, מיט אַן אָפּגעברענטער שטרוי פיקסירט אין מילך) אויף געפונענע שטיקלעך פּאַפּיר די היסטאָרישע געשעענישן פון זײַן צײַט: ניט די קריגסבאַפעלן פון אַרמיי־פירערס און פּאָליטישע טראַקטאַטן פון מלוכה־לײַט — נאָר דעם פּשוטן מענטש אין זײַן דראַמאַטישן געראַנגל מיטן טויט, דעם הונגערנדיקן ייִד אין געטאָ, דאָס ייִדישע מיידעלע מיט דער לאַלקע אין האַנט, וועלכע איז באַרויבט געוואָרן פון איר קינדערי־שער פרײַהייט, און דעם קעמפער, וועלכער שטייט אין געראַנגל מיט דער מעכטיקער חיה און דאָך פילט ער זיך ניט געפאַלן אין זײַן טראַגישער אומבאַהאָלפנקייט.

די דאָזיקע דאָקומענטן, וועלכע שילדערן דעם פּשוטן מענטשן אין יענע גורלדיקע מאָמענטן, פילן אויס דעם קינסטלערישן אָנדענק־אַלבאָם פון אַלכּסנדר באָגען. דאָס זענען צייכענונגען געמאַכטע ספּאָנטאַניש, עמאָציאָנעל און „אָן קאָנצעפּציעס”. ניט ווי קיין

אָביעקטיווע וויסנשאַפטלעכע דאָקומענטאַציע, נאָר אויטענטיש און סוביעקטיוו, אויפגענומען מיט די אויגן פון אַ קעמפער. צייכענענדיק די לײַדנדיקע ייִדן און זײַנע חברים־קעמפערס — האָט ער געצייכנט זיך אַליין, זײַנע אייגענע איבערלעבונגען און געפילן. דערפאַר זענען די צייכענונגען אויטענטיש אין פולן זיך פון וואָרט. אין דעם „מיידעלע מיט דער געלער לאַטע" האָט דער קינסטלער מיט לאַקאָנישע שטריכן און מיט דער לײַכטער וויבראַציע פון דעם קוילשטיפט מצליח געווען אַרויסצוברענגען די טראַגעדיע פון דעם ייִדישן קינד אין געטאָ און אין די סיטואַציע־שילדערונגען פון פּאַרטיזאַנער־וואַלד, ווו איינע פון די שטאַרקסטע פון זיי איז די טוש־צייכענונג וואָס שילדערט אַ דורשטיקן פּאַרטיזאַנער, ווי ער טרינקט וואַסער פון אַ קאַלוזשע, — לײַכטע רמזים אין דער גראַדאַציע פון ליניע, אין דער ספּאָנטאַנשער אויפשטעלונג פון דער קאָמפּאָזיציע. אין די דיקע שטריכן פון די ליפּן ליגט די חיהשע אומבאַהאָלפנקייט פון דעם דאָרשטיקן מענטש. אין אַ צײַט ווען די חיה האָט איבערגעשטיגן דעם מענטש מיט — מענטשלעכקייט...

אַלכּסנדר באָגען אַנטפּלעקט זיך אין זײַן אַלבאָם מיט זײַנע שאַפונגען פון מיט קרוב 30 יאָר צוריק ווי אַ מײַסטערהאַפטער צייכענער. זײַנע סקיצן פון מענטשן און פערד (אין די סצענעס פון פּאַרטיזאַנער־וואַלד), קאָנען דרײַסט פּאַרגליכן ווערן — אויך מיט זייער ענלעכקייט — צו די צייכענונגען פון דעם באַרימטן פראַנצייזישן קינסטלער זשעריקאָ (דער מאָלער פון דער באַרימטער ראַפּסאָדע „מעדוזע"), וועלכער האָט זיך באַזונדערס ספּעציאַליזירט אויף דער דאָזיקער טעמע געגנוי מיט הונדערט און פופציק יאָר צוריק. אין דער זעלבער צײַט באַהערשט אויך אַלכּסנדר באָגען אויסגעצייכנט די טעכניק פון האָלצשניט און קופּערשטיך אין זײַנע שילדערונגען פון אַלטן בית־הקברות מיטן אוהל פון דעם ווילנער גאון, אין דער ראַדירונג פון דעם אָרון־קודש פון דער גרויסער שול אין ווילנע, אין דעם געטאָ־טויער און הויף פון דער גרויסער שול, אין דעם „דורכהויף" און די שמאָלע געסעלעך פון ווילנער געטאָ; די ראַדירונג וועלכע שילדערט אַ פּאַרטיזאַנער־אָנגריף שטעלט מיט זיך פאָר אַן אויסגעצייכנט מוסטערווערק, אָנגעלאָדן מיט דער דינאַמיק פון קאַמף און מיט קינסטלערישער התלהבות.

דער אַלבאָם אַנטהאַלט אויך פאָטאָגראַפיעס פון די בראָנדז־און קופּער־באַרעליעפן „דער אָרון־קודש" און „ווילנע — ירושלים דליטא", וועלכע דער קינסטלער האָט געשאַפן פאַר דעם „בית־ווילנה" אין תּל־אביב, ווי אויך צוויי סקולפּטור־דענקמעלער, וואָס ער האָט געשאַפן פאַרן תּל־אביבער פּאַרטיזאַנער־מוזיי. צו דער רײַכקייט פון דעם אַלבאָם גיבן אויך צו די באַגלייט־ווערטער פון תּת־אלוף (רעז.) יצחק ארד, דעם לייטונגס־פּאָרזיצער פון „יד ושם", וועלכער איז געווען אַ קאַמפס־חבר פון דעם קינסטלער אין פּאַרטיזאַנער־וואַלד, פון אַבאַ קאָוונער, יהודה לייב ביאַלער, פייגל מאַרק, מרים טל און פון דעם קינסטלער אַלכּסנדר באָגען גופא, אין העברעיִש, ייִדיש און ענגליש.

די קינסטלערישע שאַפונג איז געווען איינער פון די מאָמענטן און אויסדרוקן פון פּראָטעסט קעגן דער פאַרטיליקונג פון ייִדישן פאָלק. אַלכּסנדר באָגען דערציילט ווי ער האָט, אַרײַנקומענדיק אין געטאָ, געטראָפן דעם ייִדישן סטודענט וואָווקע זאַלקינסאָן אַ הונגעריקן, אין אָפּגעריסענע קליידער, וואַרטנדיק אויף זײַן אומפאַרמײַדלעכן סוף —

און דאָך אַ צעשטראַלטן פון גליק, וואָס עס האָט זיך אים איַינגעגעבן צו... לייזן אַ מאָטע־מאָטישע אויפגאַבע. דאָס איז געווען, זאָגט דער קינסטלער, דער אומבאַוווסטזיניקער דראַנג צו פאַראייביקן די בלוטיקע דראַמע, די וועלט זאָל וויסן, די צוקונפטיקע וועלט... דערוויַיזן דעם גייַסטיקן „איד", אַז ער עקסיסטירט, ער בליַיבט לעבן — ניט געקוקט אויף דער פיזישער פאַרטיליקונג.

דער קינסטלערישער אַלבאָם פון אַלכּסנדר באָגען, וועלכער אַנטהאַלט עטלעכע צענדליק אָפּגעראַטעוועטע — פון צווישן די טויזנטער — בלעטלעך, געצייכנטע אין יענע גרויליקע טעג, שטעלט אַלזאָ מיט זיך פאָר אַ פּילווערטיקע קינסטלערישע דאָקומענטאַציע, דורך וועלכער די טעמע פון דער ייִדן־אויסראָטונג און פון ייִדישער גבורה וועט קומען צו דער יוגנט און צו די וויַיטערדיקע דורות, ניט נאָר ווי אַ קינסטלערישע מצבה, נאָר ווי אַ באַלערנדיקע און עכט אויטענטישע קינסטלערישע דאָקומענטאַציע.



אַלכּסנדר באָגען — יידישע פּאַרטיזאַנער (טוש).

**מ. דוואָרזשעצקי**

# דאָס טאָגבוך פון לערער משה אָליצקי

:וועגן ווילנער געטאָ האָבן מיר אַ רײַכע און פאַרשידנאַרטיקע דאָקומענטאַציע
אַ באַטײַטנדיקע צאָל זכרונות־ביכער [1], באַזונדערע קאַפּיטלען אין זכרונות־ביכער פון דער שואה [2], דאָקומענטן, אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, פאַרעפנטלעכטע אין פאַרשי־ דענע צײַטשריפטן אין ייִדיש, עברית און אַנדערע שפּראַכן [3], און טאָגביכער, וועלכע ...שטעלן מיט זיך פאָר, בדרך־כּלל, דעם צום מערסטן אויטענטישן מאַטעריאַל פון חורבן א...

ום, „דאָס גייסטיקע פּנים פון געטאָ". מעקסיקאָ, יידישער קולטור-צענטער, 1950 ;
זקי, מענדל, „שטאַרקער ווי אייזן", תל-אביב, י. ל. פּרץ, 1968 ;
נקי, מאַרק (מאיר), „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום", פּאַריז, פאַרלאַג פון פאַלקס-פאַרבאַנד, 1948 ; עברית — „ירושלים דליטא במרי ובשואה", תל-אביב, 1950,
1952. פראַנצייזיש, דריי אויפלאַגעס, פּאַריז, 1950, 1962, 1973 (פאַרוואָרט פון פּראָפ' רענע קאַסען)
לזר, חיים, „חורבן ומרד", תל-אביב, 1950 ;
וצקעווער, אברהם, „ווילנער געטאָ, 1941—1944". פאַרב' פון די ווילנער אין פראַנקרייך. עברית : „גיטו-וילנה", תרגום ג. לבנה, 1947 ;
קאטשערגינסקי, ש., „חורבן ווילנע". ניו-יאָרק, ציקאָ, 1947 ;
קאַרטשאַק, רייזל (רוזשקע), „להבות באפר", תל-אביב, „מורשת", 3 אויפלאַגעס (דריטע אויפלאַגע — 1965) ;
קאַוואלסקי, יצחק, „די געהיימע דרוקעריי פון יידישן אונטערגרונט", ניו-יאָרק, 1953 (הקדמות פון א. רעמבא, נ. סווערדלין), ענגלישע פאַרברייטערטע אויסגאַבע — ניו-יאָרק, 1951.

גרוסמן, חייקה, „אנשי המחתרת", מרחביה, ספריית פועלים, 1950 ;
ויידל, הלל, „אדם במבחן", פרקי שואה, תל-אביב, הוצ' המחבר, תשל"א ;
וילדשטיין, צביה, „מתופת אל תופת", סופר ע"י לאה צרי, ת"א, תרבות וחינוך, 1971.

די ביבליאָגראַפיע פון מאמרים אין יידיש פון יוסף גאַר, יד-ושם, ייוואָ, באַנד א' (1966) באַנד ב' (1969). בנוגע העברעישער פרעסע : „השואה והגבורה באספקלריה של העיתונות העב- רית", יד-ושם — ייוואָ (1966), 3 בענדער. אין ענגליש :
I. ROBINSON and PH. FRIEDMAN. "GUIDE TO JEWISH HISTORY UNDER NAZI IMPACT", YAD-VASHEM — YIVO, N. Y. 1960.

אין אונדזער רשות געפינען זיך 8 טאָגביכער. 5 זענען דערשינען אין בוכפאָרעם [4] און 3 זענען נאָך ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן — די טאָגביכער פון לאַזאַר עפשטיין (ייִדיש), גרישאַ שור (רוסיש) און דאָס לעצטנס אָפּגעפונענע טאָגבוך פון ווילנער לערער משה אָליצקי (ייִדיש).

די מחברים פון די טאָגביכער זענען געווען מענטשן פון פאַרשיידענעם עלטער: מ. אָליצקי, ל. עפשטיין, ז. קלמנאָוויטש און ג. שור אַן ערך בני־ששים, ה. קרוק — 44־46, ר. ליימענזאָן — 29, י. רודאַשעווסקי און מ. ראָלניק — אין עלטער פון 14־16 יאָר; פון פאַרשיידענע לעבנס־אָנשויונגען און פּראָפעסיעס: לערערס, שרײַבערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס (אָליצקי, קלמנאָוויטש, קרוק, שור), אַ מעדיקער (עפשטיין), אַן אָנגעשטעלטע (ליימענזאָן), תלמידים (רודאַשעווסקי, ראָלניק).

ס'איז אָנצונעמען אַז די אַכט טאָגביכער וואָס געפינען זיך איצט אין אונדזערע הענט זענען נאָר אַ טייל פון דעם וואָס איז ביז איצט אָפּגעפונען געוואָרן.

כ'געדענק, אַז די שרײַבערס לעווין, רעדאַקטאָר פון ווילנער „צײַט" [5] און א. גראָדזענסקי, רעדאַקטאָר פון „אָוונט־קוריער" [6] האָבן אין געטאָ געשריבן טאָגביכער, אין ייִדיש, ביז זיי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צום טויט, דער לערער און שרײַבער י. דימענטמאַן [7] אין העברעיִש — אַ כראָניק פון קולטור־לעבן אין געטאָ, חייקל לונסקי [8],

---

[4] ליימענזאָן—ענגעלשטערן, רות, „פאַרשריבן אין אַ שייער", 44.5.15—44.7.19. פאָרוואָרט און הערות — פון י. רודניצקי, ביאָגראַפיע פון ל. ענגעלשטערן. תל-אביב, בלה"ג און הקיבוץ המאוחד, תשל"ג;
קלמנאָוויטש, זעליג הירש, „טאָגבוך פון ווילנער געטאָ", ייוואָ-בלעטער. באַנד 35, עמ' 19-92, ניו-יאָרק, 1951;
קרוק, הערמאַן, „טאָגבוך פון ווילנער געטאָ", הערות פון מ. וו. בערנשטיין, ביאָגראַפיע פון פּ. שוואַרץ.. ניו-יאָרק, ייוואָ, 1965;
רודאַשבסקי, יצחק, „יומנו של נער מוילנה, יוני 1941—אפריל 1943". הערות צ. שנער, תל-אביב, הקיבוץ המאוחד און בלה"ג, 1968. דערשינען אויך אין ענגלישער איבערזעצונג.
ראָלניק, מאַשאַ, „אני חייבת לספר", ת"א, אחיעבר, 1965. אָריגינאַל דערשינען אין יידיש אין ראַטן-פאַרבאַנד, ווי אויך איבערזעצונגען אין רוסיש און ליטוויש.

[5] לעווין, חיים, שרייבער און זשורנאַליסט, ברודער פון שרייבער ליפמאַן-לעווין. אַרויסגעפירט געוואָרן אויף פּאָנאַר בשעת דער אַקציע פון 1941.10.24.

[6] גראָדזענסקי, א. י., שרייבער און זשורנאַליסט, אַרויסגעפירט אויף פּאָנאַר ווינטער 1941.

[7] ד"ר דימענטמאַן, י., געבוירן אין יאָר 1904, לערער און שרייבער, אַבסאָלווענט פון דער העברעישער גימנאַזיע אין קאָוונע, לערער אין די העברעישע שולן פון קאָוונע. אין דער צווייטער העלפט פון דער ווילנער געטאָ-תקופה געשטאַנען בראש פון שולוועזן אין געטאָ. פאַר אַ נאָוועלע (אין העברעיש) „עד השער" און אַ דראַמע פון געטאָ-לעבן באַקומען פרייזן אין געטאָ. אומגעקומען דעם 19.9.1944 אויף די שייטרן פון קלאָגע.

[8] לונסקי, חייקל, געבוירן 1881 אין סלאָנים. מחבר פון ספורים וועגן דער אַמאָליקער ווילנער געטאָ. אין די טעג פון געטאָ-ווילנע אָנגעשריבן חיבורים וועגן ווילנער בית-עולם און וועגן די יידישע ווילנער דרוקערייען. סעפּטעמבער 1943 אַרויסגעשיקט צום טויט (וואַרשיינלעך קיין טרעבלינקע).

דער ביבליאָטעקאַר פון סטראַשון־ביבליאָטעק, האָט פאַרצייכנט אַלע געשעענישן אין געטאָ אין ייִדיש און העברעיִש זיצנדיק אין דער געטאָ־ביבליאָטעק, די קראַנקן־שוועס־טער ש. גרענאַדיר־טייטל [9] האָט געפירט אַ טאָגבוך וועגן דער סאַניטאַרער אַרבעט אין געטאָ (אין ייִדיש). טאָגביכער האָבן געשריבן אין געטאָ־ווילנע טאַרטאַקאָווסקי [10], אַדוו׳ בן־אפרים [11], דער לערער אריה שעפּטעל [12] צוזאַמען מיט ד״ר לעאָ בערנשטיין [13]; אַדוו׳ י. קאַפּלאַן [14] (פּויליש אָדער רוסיש), דער מחבר פון די שורות [15] (אין ייִדיש און העברעיִש), בעיקר וועגן קולטור־לעבן און עקאָנאָמישע געטאָ־פּראָבלעמען און ממשיך געווען אין די קאַצעטן פון עסטלאַנד. ביז הײַנט זענען אויך ניט אָפּגעפונען געוואָרן צענדליקער טאָגביכער, וואָס זענען געשריבן געוואָרן דורך קינדער, תּלמידים און תּלמידות.

*

משה אַליצקי. ער איז געווען מײַן ערשטער לערער פון העברעיִש אין ווילנע, אין יאָר 1916, בשעת דער ערשטער דײַטשער אָקופּאַציע, האָט דערצויגן טויזנטער ייִדישע יוגנטלעכע.

צוזאַמען מיט ד״ר שבתאי עפּשטיין און די העברעיִשע שרײַבערס חיים אריה חזן, מ. ב. שנײַדער, א. י. טריוואַש, י. ברוידעס א״אַ, איז ער געווען צווישן די גרינדער פון „גימנסיה עבֿרית״ (די ערשטע העברעיִשע מיטלשול אין די תּפוצות־לענדער), גרינ־דער און אָנפירער פון דער פאָלקסשול „תּרבות״ א. נ. פון ד״ר ש. עפּשטיין אין ווילנע;

---

[9] גרענאַדיר-טייטל, שפרה, פרוי פון אַדוואָקאַט טייטל („בונד״-עסקן, אַרויסגעפירט געוואָרן אין 1939 קיין ראַטן-פאַרבאַנד). אין געטאָ האָט זי געאַרבעט אַלס אַ קראַנקן-שוועסטער אין שול-מעדיצינישן צענטער״. אומגעקומען אין די לעטישע לאַגערן.

[10] טאַרטאַקאָווסקי, אַבסאָלווענט פון דער העברעישער גימנאַזיע אין קאָוונע. געענדיקט כעמישע לימודים אין קאָוונער אוניווערסיטעט.

[11] בן-אפרים, אבא, (עפראָימטשיק), אַדוו׳ אין תל-אביב. מחבר פון מאמר „די יידישע סטו-דענטנשאַפט אין ליטע״ („ליטע״, באַנד ב׳, ת״א, פרץ-פאַרלאַג, 1965).

[12] שעפּטעל, אריה (לייב), געווען אַקטיוו אַלס לערער אין ווילנע, פאַרוואַלטער פון אַ מיטלשול אין געטאָ-ווילנע. דורכגעמאַכט די עסטאָנישע לאַגערן. אָנטייל גענומען אין ווילנער געטאָ-אונטערערד. דורכגעמאַכט דעם קאַצעט שטוטהאָף (געשריבן אַן אַרבעט וועגן שטוטהאָף). אין ישראל געווען חבר-הכנסת און פאָרזיצער פון עיריית ראשון-לציון.

[13] ד״ר בערנשטיין, לעאָ, אַקטיוויסט אין דער שולטעטיקייט אין געטאָ-ווילנע. מיטגליד פון דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע „יחיאל״ (שפּעטער פאַראייניקט מיט פפ״אָ). אָנגעשריבן אַ דראַמע אין יידיש וועגן געטאָ-ווילנע. איצט פּראָפעסאָר פאַר מאַטעמאַטיק אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

[14] קאַפּלאַן, י. יוריסט. אין געטאָ געאַרבעט לכתחילה אַלס בוי-אַרבעטער, שפּעטער פאָרזיצער פון געטאָ-געריכט. געשטאָרבן פון שוואַכקייט אָקטאָבער 1942.

[15] זע „ירושלים דליטא״ (יידיש) עמ׳ 17; געשריבן אַ טאָגבוך אין די עסטאָנישע לאַגערן אויף פּאַפּיר-באַנדאַזשן (אין די לאַגערן גאָלדפילץ, ווייוואַרא און קורעמע). דער געטאָ-טאָגבוך געפינט זיך אפשר אין ווילנע. דער לאַגער-טאָגבוך איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין קאַצעט שטוטהאָף. זע: מ. דוואָרזשעצקי, „ווייסע נעכט און שוואַרצע טעג״, עמ׳ 304—307.

במשך פון 20 יאָר איז ער געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר און שפּעטער דער פאָר־זיצער פון העברעיִשן לערער־פאַראיין. אַ מענטש — מלא ידיעות אין די תּחומים פון דער העברעיִשער ליטעראַטור, ייִדישער און אַלגעמיינער געשיכטע, אַן אומאויסשעפּ־לעכער קוואַל פון חריפות און שאַרפזין.

אין געטאָ־ווילנע איז ער געווען דער איניציאַטאָר און אָנפירער פון געטאָ־שולוועזן. ס׳האָבן אים דערביַי מיטגעהאָלפן די לערערינס רחל ברוידאָ[16] מירע בערנשטיין[17] און מרים גוטגעשטאַלט[18]. ער פלעגט אָפט האַלטן פאָרטראָגן (אין העברעיִש און ייִדיש) אין די פאַרבאַנדן פון די לערערס און שריַיבערס אין געטאָ „ברית עברית" און „חברה מדעית". ס׳געדענקט זיך מיר זיַין פאָרטראָג אין געטאָ אד"ט „הומאָר און שאַרפזין ביַי ייִדן — אין אַלע אומשטאַנדן". ער איז געווען אַ מענטש פון אַ הויכער מאָראַלישער מדרגה, פלעגט פאָדערן פון זיך מער ווי פון אַנדערע, זיַין אַרבעט האָט אים קיין מאָל ניט מיד געמאַכט.

ווען ס׳זענען אַנטשטאַנען אויסערן געטאָ די ספּעציעלע בלאָקן פאַר אַרבעטערס־ספּעציאַליסטן („קיַיליס"), איז ער אַריבער אַהין מיט נאָך איניקע לערערס. געווען דאָרט טעטיק אַלס לערער אין דער געהיימער שול. ער איז אומגעקומען בשעת דער ליקווידאַציע פון „קיַיליס" (מאַרץ 1944). מען דערציילט אַז ער איז דערשאָסן געוואָרן אויף די טרעפּ פון „קיַיליס"־בלאָק[19] און איז געפאַלן מיט זיַין טאָגבוך אין די הענט.

„יון מצולה". אין ווילנער געטאָ האָט מיר משה אָליצקי דערציילט, אַז ער שריַיבט אַ טאָגבוך (כ׳האָב וועגן דעם דערמאָנט אין „ירושלים דליטא"[20], וואָס איז דערשינען אין 1948) און אַז אַ חלק פון דעם טאָגבוך האָט ער איבערגעגעבן דעם דיכטער אַבא קאָוונער אַרויסצוטראָגן אויסערן געטאָ און אויסבאַהאַלטן. יאָרן האָב איך אַרומגעזוכט דאָס טאָגבוך און ערשט מיט אַ קורצער ציַיט צוריק, בשעת אַ באַזוך אין די אַרכיוון פון „מורשת" (ביַים קיבוץ גבעת־חביבה) פעסטגעשטעלט אַז דאָרט געפינט זיך אַ חלק פון טאָגבוך (און אפשר דער איינציקער טייל וואָס איז פון אים איבערגעבליבן). כ׳האָב דערקענט די האַנטשריפט פון משה אָליצקי, דערקענט דאָס העפטל. כ׳מיין, אַז אַבא קאָוונער טאַקע איז דער וואָס האָט אַריבערגעבראַכט דעם כּתב־יד קיין ישׂראל.

דאָס טאָגבוך איז געשריבן אין ייִדיש, דער נאָמען דווקא אין העברעיִש: „יון מצולה". אין ייִדיש וואָלט עס געהייסן „דער בלווזנדיקער אָפּגרונט" אָדער „ליימיקער זומפּ". אייגנטלעך איז דאָס דער נאָמען פון דער באַרימטער כראָניק פון אַמאָליקן גרויסן

[16] ברוידאָ, רחל, אַבסאָלווענטין פון יידישן לערער-סעמינאַר אין ווילנע. לערערין אין פרוג-שול. חברטע פון געטאָ-אונטערערד. אַרויסגעפירט קיין מיידאַנעק סעפּטעמבער 1943.

[17] בערנשטיין, מירע, באַקאַנטע לערערין אין ווילנע. וועגן איר האָט אַ. סוצקעווער אָנגעשריבן דאָס ליד „די לערערין מירע". אַוועקגעשיקט קיין מיידאַנעק סעפּטעמבער 1943.

[18] גוטגעשטאַלט-ראָטקאָפּ, מרים, פרוי פון הערש גוטגעשטאַלט. אַוועקגעשיקט קיין מיידאַנעק סעפּטעמבער 1943.

[19] „ירושלים דליטא" (יידיש) עמ׳ 249.

[20] „ירושלים דליטא" (יידיש), עמ׳ 268.

יִדישן היסטאָריאָגראַף נתן נטע האַנאָווער (דערשינען אין יאָר 1653, אַ חיבור וועגן די אומגליק־יאָרן אין דער צייט פון באָגדאַן כמיעלניצקי). אויפן שער־בלאַט פון אָליצקיס טאָגבוך איז געשריבן „יון מצולה (חלק ב׳)“. האָט עס געזאָלט באַטייַטן, אַז האַנאָווערס כראָניק איז געווען אַ חלק א׳, און אָליצקיס כראָניק דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן אַ מין „חלק ב׳“ פון די באַשרייַבונגען וועגן יִדישע חורבן־יאָרן? פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז נאָר אַ השערה.

דאָס העפטל הייבט זיך אָן פון זייַט 121 און ענדיקט זיך מיטן נומער 240, צווישן די דאַטעס פון 22סטן דעצעמבער 1941 און 9טן פעברואַר 1942. פון דאַנען דרינגט אַרויס אַז דאָס אָפּגעפונענע טאָגבוך באַהאַנדלט די א״ג „סטאַביליזאַציע־תקופה“ אין געטאָ־ווילנע; די טויט־אַקציעס האָבן זיך שוין פאַרענדיקט, אויף פּאָנאַר זענען שוין אומגעקומען אַן ערך 60.000 יִדן. ס׳האָט זיך געדאַכט אַז עס הייבט זיך אָן אַ תקופה פון „ פּרו“. יענע טעג שטעלן מיט זיך טאַקע פאָר די תקופה פון פונאַנדערבלי אין דעם ג׳ילוועזן און אַלע אַנדערע סאָציאַלע אינסטיטוציעס אין געטאָ.

זייגנאַרטיקע שטריכן. דער מחבר איז זיך מתעסק כמעט אויסשליסלעך מיט די ענינים ג׳ון שולוועזן און לערערשאַפט אין געטאָ. טאָג־אייַן, טאָג־אויס דערציילט דאָרט אָליצקי, ווי פאַר זיך אַליין, וואָס ער האָט געטאָן אָדער וואָס אַנדערע האָבן געטאָן, בכדי אָפּצוהיטן דאָס לעבן פון די לערערס און בכדי צו דערמעגלעכן די לימודים אין די טעג פון הונגער, פרעסט, מאַנגל אין הייצשטאָף, מאַנגל אין לערנביכער און מאַנגל אין בגדים. אָפט מאָל מאַכט דאָס טאָגבוך דעם רושם פון אַ פערמאַנענטע „זעלבסטדער־מאָנונג“, נאָטיצן פאַר זיך זעלבסט: וואָס צו טאָן מאָרגן און איבערמאָרגן פאַר די לערערס און תלמידים. אין טאָגבוך ווערן געבראַכט אַ סך אומבאַקאַנטע פרטים וועגן די טאָג־טעגלעכע דאגות און ראַנגלענישן פון געטאָ־שולוועזן. מען זעט באַשיימפּערלעך ווי שווער עס איז געווען אויפצושטעלן שולן אין געטאָ, ווי שווער עס איז געווען דאָס לעבן פון לערער און ווי שווער עס איז געווען דאָס לעבן פון תלמיד; און טראָץ דעם האָט אין געטאָ עקסיסטירט אַ נעץ פון שולן! וויפל מוט, וויפל אויסדויער און וויפל מסירת־נפש האָט מען געדאַרפט דערצו אָנווענדן!

די געטאָ־שולן. כדי צו האָבן פאַר זיך דאָס בילד פון יענער תקופה, לאָמיר דער־מאָנען עטלעכע פרטים וועגן אַנטשטיין פון שולוועזן אין געטאָ־ווילנע.

אויפן דריטן טאָג פון געטאָ האָט אָליצקי צונויפגערופן אַ געהיימע באַראַטונג פון לערערס אין בנין פון „רב שאולקעס קלויז“ (שאַוועלסקע גאַס). דאָרט איז ער אַרויס־געטראָטן מיט דער איניציאַטיוו צו שאַפן אין געטאָ אַ גשאיינ־יקטן שולוועזן פון אַלע גע־וועזענע ווילנער יִדישע שולריכטונגען. די לערערס האָבן וועגן דעם אָנגעשריבן אַ מעמאָראַנדום צום געטאָ־קאָמענדאַנט יעקב גענס. מען דערציילט, אַז גענס האָט, דע־נערווירט פון דער שווערער געטאָ־סיטואַציע, זיי געענטפערט: „פאַרדרייט מיך ניט דעם קאָפּ, אָבער נאָט אייַך עטלעכע לאָקאַלן און טוט מיט די קינדער וואָס איר ווילט!“

די דורכגעפירטע רעגיסטראַציע האָט געוויזן 3000 קינדער אין שולעלטער (סעפּ־טעמבער 1941). צוליב די „אַקציעס“ איז די צאָל קינדער געפאַלן. פון אַקציע צו אַקציע

פלעגן ווערן אַלץ ווייניקער סײַ תּלמידים, סײַ לערערס. די דײַטשן האָבן אַרויסגעגעבן פאַר די לערערס נאָר 10 „לעבנסשײַנען", אָבער בעת דער גרינדונג פון די שולן זענען אין זיי געווען טעטיק זעכציק לערערס. זענען טאַקע אַ טייל פון די לערערס פאַר־שלעפּט געוואָרן צום טויט אויף פּאָנאַר און אַ טייל האָט זיך אויסבאַהאַלטן בעת די שחיטות אין קעלערס און אויף בוידעמער.

נאָך די „אַקציעס" פלעגט זיך שטענדיק אָנהייבן די דאגה, ווי קריגט מען פאַר די לעבן־געבליבענע לערערס עפּעס אַ „פּאַפּירל" וואָס זאָל „לעגאַליזירן" זייער „ניט־לעגאַל לעבן" אין געטאָ? ווי קריגט מען פאַר זיי אַ „לעגאַלע אַרבעט", זאָל עס אַפילו זײַן פון אַ הויף־רייניקער אָדער פון אַ פּשוטן „שוואַרצן" אַרבעטער — אין געטאָ אָדער אויסערן געטאָ. דאָס וואָלט פאַר זיי געשאַפן לעבנס־מעגלעכקייטן, און שפּעטער אויך — שאַנסן ווידער צו זײַן טעטיק אין שולוועזן.

די אַלע פּראָבלעמען געפינען זייער אָפּקלאַנג אין טאָגבוך. עס ווערן דאָרט דער־מאָנט אַ סך נעמען פון לערערס וואָס זענען געווען טעטיק אין שולוועזן פון געטאָ־ווילנע. פון זיי אַלעמען — אויף ווי ווײַט איך בין זיך ניט טועה — זענען געבליבן בײַם לעבן: אריה שעפּטעל (איצט אין ראשון־לציון), סימע לייקין־דאַוואַנג (איצט לערערין אין קאַנאַדע), פּראָפ׳ לעאָ בערנשטיין (פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק אין די פאַראייניקטע שטאַטן).

כּדאי דערבײַ צו דערמאָנען, אַז אין געטאָ זענען געווען פאָלגנדיקע שולאַנשטאַלטן: פאָלקסשול נר׳ 1 (סטראַשון גאַס 12), פאָלקסשול נר׳ 2 (שאַוועלסקע 1), פאָלקסשול נר׳ 3 (דײַטשע 21). גימנאַזיע־קורסן (דײַטשע 21) און אייניקע קינדער־גערטנער בײַ די פאָלקסשולן, שולן אין ביידע בלאָקן „קײַליס". ס׳זענען אויך אַנטשטאַנען אייניקע רעלי־גיעזע שולן: נר׳ 1 (שאַוועלסקע 1, אין יאַגיכעס שול), נר׳ 2 (אויף יאַטקעווער גאַס, קצבישע קלויז), ישיבה קטנה (אין יאַגיכעס קלויז), ישיבה גדולה (אויף שאַוועלסקע 5, אין ר׳ שאולקעס קלויז).

*

מיר ברענגען דאָ אייניקע אויסצוגן פון אַליצקיס טאָגבוך, לויט זײַן ייִדיש־אָרטאָגראַפיע. יעדע טאָג־פאַרשרײַבונג באַשטייט פון אַ ריי נומערירטע פּאַראַגראַפן. פאַראַן טעג ווען ס׳זענען פאַרשריבן מער ווי צען פּאַראַגראַפן.

27.12.1941 :

1)

מיר האָבן געקויפט אַ האַק פאַר 100 רובל און אַ זעג פאַר 250 רובל. די האַק און די זעג זײַנען דאָס אייגנטום פון אונזערע אַנשטאַלטן. קיינער וועט ניט קאָנען דאָס אָפּנעמען פון אונדז.

3)

אָנשרײַבן אַ בריוו וועגן אַרבעט פאַר לערער און אָפּשיקן דעם ד״ר עפּשטיין[21].
איבערגעבן דעם בריוו דער ח־טע טייטל־גרענאַדיר אין דער האַנט[22].

5)

די חברים א. שעפּטעל[23], ישׂראל לובאָצקי[24], מאַרקעלס[52] און ראָזענשטיין[26] מעלדן אַז זיי זײַנען גרייט אַפּ אַלע שוואַרצע אַרבעטן.

29.12.1941 :

1)

אַרײַנגיין גלײַך צום שעף פון דער סאַניטאַרער פּאָליצייאישער אָפּטיילונג וועגן פעסטשטעלן וויפיל פון אונדזערע חברים ער קאָן באַשעפטיקן אין זײַן אָפּטיילונג.

2)

זען ווירקן אַז ד״ר עפּשטיין זאָל באַשעפטיקן אונדזערע לערער. די נויט בײַ די לערער איז אַזוי גרויס, אַז זיי זײַנען גרייט אַפּ אַלע אַרבעט. אַפילו די שווערסטע.

3)

ח׳ יאַשונסקי[27] האָט אונדז געגעבן אַ בריוו צו דעם ח׳ כוואָיניק[28] וועגן אַרבעט פאַר די לערער ווי הויז־וועכטער.

4)

אַרײַנגיין צו דעם ח׳ סראָלאָוויטש[29] און זען, אַז ער זאָל וואָס שנעלער דער־ליידיקן די בקשות פון די אָרימע קינדער וועגן באַפרײַען זיי פון דעם אָפּצאָל פאַר די מיטאָגן.

5)

אַרײַנגיין הײַנט צו דעם ח׳ גלאָזמאַן און זען באַקומען פאַר אונדזערע לערער נאָך אַ 20 ראָזע שײַנען. דער עלנט פון די חברים וועלכע האָבן ניט קיינע שוץ שײַנען, איז אומבאַשרייבליך.

---

[21] ד״ר לאַזאַר עפּשטיין איז געשטאַנען בראש פון דער סאַניטאַר-עפּידעמאָלאָגישער אָפּטיילונג אין געטאָ. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז מיר געלונגען צו אידענטיפיצירן זיין ניט-אונטערגע-שריבענעם טאָגבוך ביי אַ נייעם עולה פון ווילנע. דאָס טאָגבוך איז איבערגעגעבן געוואָרן אין יד-ושם.

[22] זע הערה 9.

[23] זע הערה 12.

[24] י. לובאָצקי איז לאַנגע יאָרן געווען לערער אין „גמנסיה עברית״ אין ווילנע. אומגעקומען אין די עסטאָנישע לאַגערן.

[25] וואַרשיינלעך די באַקאַנטע ווילנער לערערין שפרה מאַרקעלס.

[26] ראָזענשטיין ; אפשר דער מיטאַרבעטער פון ווילנער „צייט״. אומגעקומען.

[27] גרישאַ יאַשונסקי. געווען מיטגליד פון ווילנער יודענראַט. לעבט אין פּוילן.

[28] אַברהם כוואָיניק, פּאַרטיזאַן, אומגעקומען בעת דער געטאָ-ליקווידאַציע.

[29] אָנפירער פון דער סאָציאַלער הילף אין געטאָ. אומגעקומען (עסטאָניע).

(13
באַזוכט די לאַקאַלן[30]. די לאַקאַלן זײַנען שוין אַ ביסל פאַרפּוצט. די קעלט אין לאַקאַל אַפּ סטראַשון 12 איז שרעקליך. דאָס שטערט דעם נאָרמאַלן באַזוך פון די קינדערלעך. ס׳איז פשוט אַ רחמנות צו קוקן אַפּ די קינדער ווי זיי זיצן און טרייסלען זיך פון קעלט... ממוז וואָס שנעלער אַוועקשטעלן אַן אויוון. דער באַזוך איז זייער אַ שוואַכער.

(24
ממוז זיך דורכשמועסן מיטן ח׳ יאַשונסקי וועגן שטיצע פאַר די ניט אַרבעטנדע לערער. לערער לײַדן הונגער. און אויב מען וועט זיי ניט שטיצן מיט הלוואות וועלן זיי אויסשטאַרבן פון הונגער.

30.12.1941 :

(2
דער ח׳ גוטגעשטאַלט[31], דער פאַרוואַלטער פון דער אינערליכער ווירטשאַפט, האָט צוגעזאָגט צו באַשפּפיקן אייניגע פון אונדזערע חברים, וועלכע קאָנען אַ ביסל שנײַדערײַ, סטאָלערײַ, פריזירײַ א.אַ.וו. די צאָל פון די ערטער וועט ווערן קלאָר מאָרגן, 31.12 ד. י.

31.12.1941 :

(3
דער ח׳ דוד גרינבלאַט[32] בעט אַרבעט אין דער אָפּטיילונג פון בוטוס סקיריוס. גרייט אַפילו צו רייניקן די טרעפּ און די הויפן.

(6
שמואל צירקינד[33]. אָפּגעשיקט געוואָרן אַפּ פיזישער אַרבעט אין בוטוס סקיריוס.

(15
מאָרגן, דעם 1.1.42, וועלן קיין למודים אין אונדזערע אַנשטאַלטן ניט זײַן. לעבן זאָל דער הייליקער סילוועסטער. ער איז געווען אַ גרויסער שיכּור און אַן אַנטי־סעמיט. ער האָט דורכגעפירט אין 325 יאָר דאָס אָפּטיילונג פון די קריסטן פון די ייִדן און מבטל געמאַכט דעם שבת. ייִדן דאַרפן אים געדיינקען און פייערן[34].

---

[30] ד״ה די שולן.
[31] הערש גוטגעשטאַלט, אומגעקומען אין קלאָגע 19.9.1944.
[32] אַ לערער וואָס איז אַנגעקומען מיטן פליטים־שטראָם.
[33] באַקאַנטער רעליגיעזער לערער. אומגעקומען אויף פּאָנאַר (1943).
[34] אַליצקי לאַכט דאָ אויס די פאַראָרדענונג נישט צו לערנען דעם 1טן יאַנואַר.

2.1.1942 :

5)

אָנגעשריבן אַ מעמאָראַנדום און אָפּגעשיקט וועגן אַרבעט פאַר אונדזערע קינדער אין עלטער פון 12־14 יאָר, אין די וואַרשטאַטן, אין דער טעכנישער אָפּטיילונג און אין דער אינערלעכער ווירטשאַפט.

7)

כּדי די קינדער פון אונדזערע לאָקאַלן זאָלן זיך קאָנען, ביַי אונדזערע שווערע געטאָ־באַדינגונגען אַ פּאָר שעה זיך אויסלעבן, וואָלט געווען ווינשנסווערט איַינ־אָרדנען אַ פּרימאָרגן.

3.1.1942 :

6)

די באַשלוסן פון בשותּפותדיקן פּעדאַגאָגישן ראַט מכּח אַ פּרימאָרגן דורכגעפירט דורך די קינדער פון ביידע אַנשטאַלטן. אין פּעדאַגאָגישן ראַט האָבן אָנטייל גע־נומען די חברים: אָליצקי, גוטגעשטאַלט, ברוידאָ און אַלע מיטגלידער פון ביידע פּעדאַגאָגישע ראַטן. (דאָ ווערט געבראַכט אַ דו״ח וואָס פאַרנעמט 3 זיַיטלעך). — — — ...בכדי צו וויַיזן וואָס מיר האָבן, באַ אַזעלכע צוטרייסלונגען און אונגעוויינליך שווערע באַדינגונגען, אויפגעטאָן. מיר זיַינען געווען, כּמעט בוראים יש מאין... דער ח׳ סעניצקי יצחק[35] מיינט אַז אין דאָזיקע חושכדיקע [טעג] איז ממש אסור איַינצואָרדנען שׂמחות. דאָס איז אויך די מיינונג פון ח׳ אפּעסקין[36]. אַלע איבעריקע חברים זאָגן זיך אַרויס פאַר אַ קינדער־פּרימאָרגן. לויט זייער מיינונג דאַרף מען זיך ניט רעכענען מיט דער טרויעריקער ווירק־לעכקייט. מיר דאַרפן באַהערשן אונדזער טרויער און אַריינטראָגן אַ ביסל לעבן און פרייַלעכקייט אין די נשמות פון אונדזערע קינדער וואָס זענען די „שארית הפליטה" פון אונדזער לעבן און דער פּרימאָרגן אין אונדזער לאָקאַל... די עלטערן און די געסט וועלן זען וואָס די קינדער האָבן געשאַפן ביַי אונדזערע מעגליכקייטן. די אָפּשטימונג האָט אָנגענומען מיט אַלע שטימען, אויסער 3, אַז מיר טרעטן צו צו גרינדן אַ פּרימאָרגן..."

5.1.1941 :

4)

די קאָמיסיע וועלכע זאָרגט וועגן קייליס, האָט זיך געווענדעט צו דעם ח׳ אָליצקען וועגן עפענען אַ לערן־אַנשטאַלט אויך אין קייליס. די קינדער פון קייליס ווערן פּשוט פאַרווילדעט. אפשר דורך דעם לערן־אַנשטאַלט וועלן די קינדער געראַ־טעוועט ווערן.

---

[35] אָנפירער פון פאָלקסשול אויפן נאָמען פון דינעזאָן. אומגעקומען אין עסטאָניע.

[36] לערער, דיכטער, פּאַרטיזאַן. אומגעקומען 11טן יולי 1942.

7.1.1941 :

2)

געקראָגן אַ גרויסן בילד פון שלום עליכמען פאַר אונזערע אַנשטאַלטן.

9)

טעמע כץ [37] האָט אַ דאַנק אונדזער מיטהילף געקראָגן אַרבעט.

12.1.1942 :

3)

ס׳לוינט צו פאַרשרײַבן אין פנקס לזכרון. די קינדער פון שאַוועלסקי 1 האָבן צע־נויפגעקליבן 209 רובל לטובת זייערע חברים וועלכע קומען אין אַנשטאַלט הונ־געריקע. זיי האָבן זיך געווענדעט צו די לערער, אַז די לערער זאָלן פון זיי צו־נעמען די צענויפגעקליבענע געלטער און אײַנאָרדנען פרישטיקן פאַר זייערע אָרעמע חברים. די לערער זענען גרייט איינצואָרדנען פאַר די אָרעמע קינדער פרישטיקן אויב אונדזער ביוראָ וועט קריגן פאַרן אַנשטאַלט אַ טשײַניק, 10 קובקעס, 10 לעפעלעך, 2 מעסערס, אַ קערבל אָפּ ברויט, 6 סטירקעס, אַ פּאָר טישטעכער און קאַווע.

*

דאָס טאָגבוך פון משה אָליצקי איז אַ דערהויבענער דאָקומענט, וואָס זאָגט עדות וועגן גײַסטיקן ווידערשטאַנד אין געטאָ־ווילנע, וועלכער קומט אויך צום אויסדרוק, אין דעם פאַל, אויפן שטח פון שולוועזן, אין דער זאָרג פאַרן לערער און קינד.

[37] באַקאַנטע ווילנער לערערין, אַנטלאָפן פון פאַנאַר.



**אויפבוי-קאָמיטעט פון „בית-ווילנה והסביבה״**
פון רעכטס צו לינקס, זיצן: י. פרידמאַן, מ. קאַפּלינסקי, דוד יוטאַן, מ. דוואָרזשעצקי, נתן באַזיליאַן, ג. גאָרדאָנאָוויטש און ל. ענגעלשטערן.
שטייען: מ. גאָרדאָן, מ. מילאַקאָווסקי, מ. וויינשטיין, י. ראַדזועלי, ח. שאַליט, אַ. סווירסקי, ח. טרייסטער, ס. שאַפּיראָ און י. בורגין.

לייזער ענגעלשטערן

# איצט מעג מען שוין דערציילן

לאָמיר זיך צו ערשט אָפּגעבן מזל־טוב צום געבורט פון אונדזער „בית־ווילנע״! אַצינד, אַז דאָס מאַיעסטעטישע ווילנער קולטורהויז שטייט שוין אַ פּאַרטיקע אויף דער יהודית־אַלעע אין תּל־אביב, מעג מען שוין דערציילן פון די אַלע שוועריקייטן, מיט וועלכע דעם אויפבוי־קאָמיטעט איז אויסגעקומען זיך צו ראַנגלען און זיי בייַקומען.

דאָ וועט זייַן אַ רייד וועגן דער נייַער איניציאַטיוו, וואָס איז צו שטאַנד געקומען אַ דאַנק דעם אַלוועלטלעכן ווילנער צוזאַמענפאָר סוף אויגוסט 1968, אויף וועלכן דער בית־ווילנע־פּראָיעקט איז געשטאַנען אין צענטער פון דער דיסקוסיע. אויף די אַרבעטס־זיצונגען, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן פולע צוויי טעג פון פרי ביז שפּעט ביי נאַכט האָבן די דעלעגאַטן פון חוץ־לארץ זיך פאַרפּליכטעט אָנצוהייבן אַ געלטזאַמלונג צווישן די ווילנער לאַנדסלייַט אין זייערע היימלענדער.

אונדזער בן־עיר פון אַטלאַנטיק־סיטי יעקב טראָצקי איז אויפגעטראָטן אויף דער קאָנפערענץ מיט אַ באַגייַסטערטער רעדע לטובת דעם בית־ווילנע־פּראָיעקט און צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ וואָס אין זייַנע כּוחות צו אָרגאַניזירן אַ געלט־קאַמפּאַניע פאַרן אויפבויפאָנד. דרך־אַגב, אַרום אַטלאַנטיק־סיטי האָבן זיך נאָך דער מלחמה באַזעצט אַ שיינע פּאָר הונדערט „נסים״־יידן פון ווילנע און פון אַרום ווילנע, און זיי אַלע קוקן אַרויף מיט גרויס רעספּעקט אויף אונדזער היימישן יאַנקל טראָצקי פאַר זייַנע גוטע מעשׂים לטובת הכּלל. זענען מיר געווען זיכער, אַז ער וועט זייַן פון די ערשטע צו געבן אַ שטויס די זאַמלאַקציע אין אַמעריקע. און מיר האָבן זיך ניט אַנטוישט. יאַנקל טראָצקי, זייַן שוואָגער פּינע קיידאַן, מאַקס גורוויץ און ראובן פּוזעריסקי, אַלע פון אַטלאַנטיק־סיטי, און מ. פייגעלסאָן פון ניו־יאָרק, זענען טאַקע געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן אַרייַנגעטראָגן באַטייַטנדיקע סומעס פאַרן „בית־ווילנע״.

אויב גיין לויט אַ סדר, האָט עס אויסגעזען אַזוי:

אָנהייב 1970 האָט די פאַרוואַלטונג פון „איגוד״ אָפּגעהאַלטן אַ ספּעציעלע זיצונג אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי, אויף וועלכער עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן די פּראַקטישע וועגן צו רעאַליזירן דעם פּראָיעקט פון „בית־ווילנע״. אויף אָט דער זיצונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון 9 חברים, וועלכע עס איז אָנגעטרויט געוואָרן די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די געלטזאַמלונג: באַזיליאַן נתן, בורגין יחיאל,

ווײַנשטיין משה, יוטאַן דוד, מילאַקאָווסקי יצחק, סווירסקי אַלעקסאַנדער, ענגעלשטערן לייזער, ראַדזועלי יוסף און שאַליט חיים. שפּעטער, אין גאַנג פון דער געלט־קאַמפּאַניע זענען צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט 2 חברות פון פּרויענקרײַז בײַם „איגוד״ : גאָרדאָנאָוויטש גאָלדע און קאַפּלינסקי מאַשאַ.

למען־האמת — די אויסגעווײלטע האָבן זיך לכתחילה ניט אָפּגעגעבן קיין חשבון, וואָס פאַר אַ שווערן און אומדאַנקבאַרן עול זיי האָבן אויף זיך אַרויפגענומען. יעדער איינער האָט אָבער באַטראַכט זײַן אויסוואַל ווי אַ שליחות.

אויף דער ערשטער אַרבעטס־זיצונג פון קאָמיטעט האָט מען צווישן זיך אויסגעטיילט אַ פּרעזידיום : דוד יוטאַן, פאָרזיצער ; נתן באַזיליאַן, וויצע־פאָרזיצער ; אַ. סווירסקי, קאַסירער ; י. ראַדזועלי, סעקרעטאַר.

די ערשטע צײַט פלעגן יעדע וואָך פאָרקומען זיצונגען אויף וועלכע עס זענען דיסקוטירט געוואָרן די פּלאַנירונגען פאַר דער „פּאַבליסיטי״־קאַמפּאַניע אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

די ערשטע ווענדונג אין ייִדיש און עברית מיט מוסטערן פון דעם יזכּור־אוהל איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 7000 קאָפּיעס, וועלכע זענען צעשיקט געוואָרן צו די ווילנער פון לאַנד און חוץ־לארץ. דער אומדערמידלעכער סעקרעטאַר יאָסעלע האָט „געשוויצט״ טעג און נעכט בײַם שרײַבן די אַדרעסן און פונאַנדערשיקן די פּאַקעטן, און די חברות פון פרויענקרײַז האָבן אים ניט איין מאָל אַרויסגעהאָלפן. אין גאַנג פון קאַמפּיין זענען אָפּגעדרוקט און צעשיקט געוואָרן טויזנטער עקזעמפּלאַרן „פּאַבליסיטי״־מאַטעריאַל. אַ סך מי האָט געפאָדערט דאָס צונויפשטעלן דעם מאַטעריאַל פאַר די ספּעציעלע זײַטן אין „לעצטע נײַעס״ און אין דעם וואָכנבלאַט „אידישע צײַטונג״. דורך אָט דיביידע צײַטונגען האָט מען דערגרייכט צו טויזנטער שטיבער. דער קאָמיטעט האָט זיך אָבער מיט דעם ניט באַנוגנט. מען האָט די זײַטן אָפּגעדרוקט באַזונדער אין 6000 קאָפּיעס און ווידער האָבן יאָסעלע מיט די חברות פון פרויענקרײַז געהאַט אַרבעט — פונאַנדערצושיקן עס אין לאַנד און צו די ווילנער פאַרבאַנדן און יחידים אין אויסלאַנד. דאָס אַלץ איז נאָר איין בײַשפּיל פון אַרבעט אויפן געביט פון פּראָפּאַגאַנדע...

דער באַזוך פון אַ זיבעציק־פּערזאָניקער דעלעגאַציע בײַם נשׂיא ר׳ זלמן שזר ז״ל, וואָס איז צו שטאַנד געקומען אַ דאַנק אונדזער בן־עיר אַברהם סוצקעווער, און די ברכה פון נשׂיא־המדינה פאַר דעם „בית־ווילנע״־געדאַנק איז אָן שום ספק געווען דער הויכפּונקט אין אונדזער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט. צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבן די דרײַ עפנטלעכע אויפנאַמעס, וואָס זענען אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין פאַרשיידענע צײַטן פאַר אונדזערע לאַנדסלײַט, געסט פון אַמעריקע, יעקב טראָצקי, מתתיהו גורוויץ און לייב לעווין ז״ל. דער גאַסטגעבער פון די אַלע קבלת־פּנימס איז געווען אונדזער נתן באַזיליאַן. ס׳איז געווען אַ גוטע געלעגנהייט, אין אַזאַ געהויבענער אַטמאָספער, אויפצוקלערן פאַרן עולם די צילן פון „בית־ווילנע״.

דעם 2טן מערץ 1970 איז אין ווילנער קולטור־קלוב (אין „בית־העמלין״, תּל־אביב) אויף אַ פֿײַערלעכן אופן פּראָקלאַ־

מירט געוואָרן די געלט־קאַמפּאַניע פֿאַר דעם „בית־ווילנע״. דער עולם האָט מיט ענטוזיאַזם אויפֿגענומען דעם רוף פֿון די רעדנערס דוד יוטאַן, ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי און נתן באַזיליאַן צו דערפֿילן דעם הייליקן חוב — פֿאַראייביקן דעם אָנדענק פֿון אונדזער חרובֿער היימשטאָט. אויף דעם אָוונט איז געשאַפֿן געוואָרן 15.000 ל״י אין מזומן און פֿאַרפּליכטונגען. צו יענער צײַט איז דאָס געווען אַ באַטײַטנדיקע סומע, וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן ווי אַ טראָפּן אין טיפֿן ים...

נאָך אַלע אויסרעכענונגען, לויט דער דעמאָלטיקער קאָניונקטור אין בויוועזן, האָט דער אויפֿבוי־קאָמיטעט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל צו שאַפֿן אַ האַלבן מיליאָן ל״י, וואָס האָט געזאָלט סטײַען פֿאַר אַ לאָקאַל פֿון 300 זיצפּלעצער און אַ צוויי־דרײַ צימערן פֿאַרן סעקרעטאַריאַט.

פֿאַר דעם פּראָיעקטירטן האַלבן מיליאָן האָבן מיר געהאָפֿט צו שאַפֿן פֿון אונדזערע בני־עיר אין לאַנד גופֿא הונדערט טויזנט ל״י און הונדערט טויזנט דאָלאַר פֿון די ווילנער לאַנדסלײַט אין חוץ־לארץ. דער חשבון איז געווען, אַז אויב עס וועט זיך אונדז אײַנגעבן אין אַ קורצער צײַט צונויפֿזאַמלען די באַשטימטע סומע אין לאַנד, וועלן מיר האָבן בעסערע שאַנסן צו שאַפֿן די גרויסע סומע אין חוץ־לארץ, ספּעציעל אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. דערמוטיקט פֿון דעם ערשטן אָפּרוף בײַם פּראָקלאַמירן די זאַמלונג, האָט דער אויפֿבוי־קאָמיטעט געהאָפֿט, אַז ס׳וועט זיך אײַנגעבן שנעל צו שאַפֿן די הונדערט טויזנט ל״י אין לאַנד, מיט וועלכע מ׳וועט באַלד אײַנצאָלן אַן אַוואַנס אויף דעם לאָקאַל, וואָס מיר האָבן דאַן אָנגעמערקט אין אַ פּאַרטיקן בנין אין סאַמע צענטער תּל־אבֿיבֿ. ס׳איז דאַן געווען די בעסטע קאָניונקטור אין בויוועזן. לײדער איז דאָס געווען נאָר אַן אילוזיע. די זאַמלונג איז אָנגעגאַנגען זייער לאַנגזאַם און ווײַט ניט אַזוי ווי ס׳האָט זיך געהאַט אין אָנהייב אויסגעדאַכט.

דורך דער צײַט ווען אַ טייל חברים איז געווען אַרײַנגעטאָן אין זאַמלען געלט האָבן די עקשנים געמאַכט אַלע באַמיִונגען צו געפֿינען אַ בנין, וואָס זאָל זײַן צוגעפּאַסט פֿאַר אַ קולטורהויז און גלײַכצײַטיק צוגענגלעך פֿאַר אונדזער בודזשעט. ס׳האָט זיך גאָר שנעל אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן געמאַכט די קאַלקולאַציע אָן דעם באַלעבאָס...

בלויז אַ דאַנק דעם הייפּעלע אײַנגעשפּאָרטע פּלוס אַ האָרעלע מזל איז געלונגען אָנצוטרעפֿן אויף אַ קבלן, וועלכער האָט סוף זומער 1972 אָנגעהויבן שטעלן דעם פֿונדאַמענט פֿאַר אַ נײַעם בנין אויף דעם פּלאַץ וווּ עס שטייט שוין הײַנט פֿאַרטיק אונדזער „בית־ווילנע״. די זוכענישן איבער תּל־אבֿיבֿ האָבן אָבער געדויערט פֿולע צוויי יאָר, צוגענומען טײַערע צײַט און אַ סך כּוחות.

און ווידער אַ ביסעלע מזל — אויב ניט נאָך העכער... און דער „בית־ווילנע״ האָט הײַנט אין גאַנצן אַן אַנדער פּנים, שענער ווי ס׳איז געווען פּלאַנירט. לויטן פּלאַן האָט דער אַרײַנגאַנג געדאַרפֿט זײַן אַ שותּפֿותער מיט די איבעריקע צוויי שטאָק. דעם פּאַרטער האָבן געזאָלט פֿאַרנעמען דרײַ געשעפֿטן, אויף וועלכע דער קבלן האָט שוין, ווײַזט אויס, געהאַט קונים. נתן באַזיליאַן האָט געוואָרפֿן אַן

אויג אויף די דרײַ געשעפטן און אין זײַן דמיון האָט ער זיי מיט אַ מאָל דערזען ווי אַן אַרכיטעקטאָנישן חלק פון ווילנער קולטורהויז. קיין צײַט צו ישובן זיך איז ניט געווען, קיין געלט אין קאַסע — אויך ניט. האָט ער זיך אַן עצה געגעבן... אויף דער זיצונג פון קאָמיטעט איז ער געקומען מיט אַן אונטערגעשריבענעם אָפּמאַך.

די הויפּטפּראָבלעם איז איצט געווען — אַגב, איז קיין מאָל ניט אַראָפּ פון סדר־היום — ווו נעמט מען געלט? האָבן דוד יוטאַן און נתן באַזיליאַן גענומען אויף זיך די שליחות אַרויסצופאָרן קיין אַמעריקע און אָרגאַניזירן דאָרט אויפן אָרט די געלטזאַמלונג.

מען קען זיך קוים פאָרשטעלן די שׂימחה, ווען ס'איז אײַנגעצאָלט געוואָרן די לעצטע ראַטע און דער אויפבוי־קאָמיטעט האָט באַקומען דעם שליסל פון די פיר אויפגעשטעלטע ווענט. איצט איז אויפן סדר־היום געשטאַנען אַ נײַע פּראָבלעם — אויסשטאַטן מיטן נייטיקן אינווענטאַר דעם זאַל און די דערבײַיקע צימערן. עס האָט זיך געפאָדערט אַ פּראַקטישער צוגאַנג בײַם אײַנקויפן שטולן, לופטקילערס, פירהאַנגען אד"גל. דאָ האָט ווידער נתן באַזיליאַן אַרויסגעוויזן זײַנע קענטענישן — געקניפּט און געבונדן מיט דער ביזנעסוועלט, האָט זיך אים אײַנגעגעבן באַצײַטנס, ערב דער פרײַזן־העכערונג, אײַנצושאַפן אַלע נייטיקע זאַכן און אײַנשפּאָרן דערבײַ אַ היפּש ביסל געלט. גענוג געווען זײַנס אַ וואָרט אָדער אַ גאַראַנטיע — ווען די קאַסע איז געווען ליידיק.

געוויס האָבן אונדזערע עקשנים זיך ניט פאָרגעשטעלט בעתן פּלאַנירן דעם „בית־ווילנע", אַז מען וועט דאַרפן אײַנהאַלטן דעם אָטעם בײַם איבערטרעטן די שוועל פון אײַזערנעם טויער מיט די זעקס בראָנדז־באַרעליעפן (קינסטלער: אַלכּסנדר באָגען), וועלכע סימבאָליזירן ווילנע, און צום צווייטן מאָל — בײַם איבערטרעטן די שוועל פון דעם הייליקן אוהל, ווו עס גלימערט פילפאַרביק דער קעראַמיק־עמוד מיטן נר־תמיד (קינסטלער: באָריס ראַבינאָוויטש) און דרײַ טויזנט סימבאָלישע מצבות, לזכר הונדערט טויזנט קדושים, קוקן אַראָפּ פון די פיר ווענט.

הײַנט, ערב דער פײַערלעכער דערעפענונג פון „בית־ווילנע" (אַרכיטעקטין: פּרוי אײַזמאַן־ראָם; יורידישע עקזעקוטיוו: אַדוו' קאַפּלינסקי) ווילט זיך מיר דערמאָנען מיט אַ גוט וואָרט די פאַרוואַלטונג פון „איגוד וילנה והסביבה", דעם אויפבוי־קאָמיטעט, אונדזערע לאַנדסלײַט פון ווילנע און ווילנער געגנט אין לאַנד און אין אויסלאַנד, וועלכע האָבן צוגעלייגט אַ האַנט, ווער מיט געלט, ווער מיט מסירת־נפשדיקער אַרבעט, שלא על מנת לקבל פּרס.

נתן באַזיליאַן

# די געלטזאַמלונג אין אַמעריקע

פון דעם ווילנער וועלט־צוזאַמענפאַר אין יולי 1968, אויף וועלכן ס'איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס אויפצושטעלן אַ בית־ווילנע אין תל־אביב, ביזן אונטערשרײַבן דעם אָפּמאַך מיטן קבלן, זומער 1972 — איז פאַלג מיר אַ גאַנג! צוויי יאָר פון אומאויפהערלעכע זוכעניש, באַראַטונגען, געלטזאַמלונגען און דינגעניש. צום סוף, ווען כ'האָב געלייגט מײַן חתימה אויפן קאָנטראַקט, איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן, און ניט נאָר מיר אַליין, אַז אָן דער דרינגענדיקער הילף פון אונדזערע לאַנדסלײַט אין אַמעריקע, וועלן מיר ניט קענען אָנגיין מיט די ראַטעס־צאָלונגען. איז ניט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי פאָרן קיין אַמעריקע און דאָרט אויפן אָרט אָרגאַניזירן די געלטזאַמלונג.

צוזאַמען מיט דוד יוטאַן האָבן מיר גענומען די דאָזיקע שליחות אויף זיך. גראָד צו יענער צײַט האָב איך געקראָגן אַן אײַנלאַדונג פון מײַנע גוטע פרײַנד אין אַטלאַנטיק־סיטי מלכּה און פּינע קיידאַן צו דער בר־מיצווה פון זייער יינגסטן זון. האָב איך געזען אין דעם די בעסטע געלעגנהייט אָנצוהייבן פון אַטלאַנטיק־סיטי די געלטזאַמלונג אין אַמעריקע. דעם באַדן פאַר אַזאַ זאַמלונג האָב איך נאָך מיט אַ צײַט פריִער צוגעגרייט דורך בריוו צו די פרײַנד יאַנקל טראַצקי, מאַקס גורוויץ און ראובן פּוזעריסקי. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט צו העלפן.

הכּלל, די בר־מיצווה איז געווען דער אָנהייב פון דער געלט־קאַמפּאַניע אין גרעסערע און קלענערע שטעט פון אַמעריקע, וועלכע האָט געדויערט זיבן וואָכן. צוזאַמען מיט יוטאַנען האָבן מיר דורכגעלעבט דערהויבענע מאָמענטן, ווען מיר האָבן געזען מיט וואָס פאַר אַ באַגײַסטערונג אונדזערע לאַנדסלײַט אין אַמעריקע האָבן אויפגענומען דעם געדאַנק פון אַ ווילנער קולטורהיים אין דער ייִדישער מדינה.

צו מאַרגנס האָבן די קיידאַנס פאַרבעטן זייערע פילצאָליקע פרײַנד און באַקאַנטע אויף אַן אָפיציעלן מיטאָג, אויף וועלכן עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די געלטזאַמלונג. דוד יוטאַן האָט געהאַלטן אַ מײַסטער־רעדע און דער עולם האָט זיך ווי געהעריק אָפּגערופן מיט מזומן און פאַרפּליכטונגען.

די ווײַטערדיקע טעג האָבן אונדזערע טײַערע ווילנער פרײַנד יאַנקל טראַצקי, מאַקס גורוויץ, ראובן פּוזעריסקי און פּינע קיידאַן געשאַפן צווישן זייערע באַקאַנטע ווילנער און ניט־ווילנער אַ באַטײַטנדיקע סומע. פאַרשטייט זיך, אַז די פיר דערמאָנטע האָבן אויף דער ליסטע זיך גע־

שטעלט די ערשטע מיט גרעסערע בייַשטייַערונגען.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען מיך פאַרבעטן צו אַ שׂימחה בייַ דער משפּחה טאָפּעק, לעבן פילאַדעלפיע. געפאָרן בין איך אַהין צוזאַמען מיט יאַנקל טראָצקי און זייַן פרוי מירע. דאָרט האָט מיך דערוואַרט אַן אָנגענעמער סורפּריז. אונדזער ווילנער בן־עיר לייזער ראָזענבלום האָט מיך באַקענט מיט דעם ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם לייב לעווין ז״ל. בייַם געדעקטן טיש האָב איך גענומען אַ וואָרט וועגן דעם בית־ווילנע. צווישן די געסט זענען ניט געווען קיין סך ווילנער, האָב איך ניט דערוואַרט צו שאַפן דאָ אַ גרעסערע סומע. לייב לעווין האָט פאַרשטאַנען מייַנע ספקות, רופט ער זיך אָפּ צו מיר מיט די ווערטער:

— מר׳ באַזיליאַן — וועלכע סומע איר וועט דאָ שאַפן, גיב איך אייַך העלפט... לײדער איז דאָרט ניט געשאַפן געוואָרן קיין סך. אָבער ל. לעווין האָט מיך דערמוטיקט מיט זייַן טשעק. פון דער דאָזיקער צופעליקער באַקאַנטשאַפט מייַנער מיט לייב לעווין ז״ל איז אַרויסגעקומען צווישן אונדז אַ טיפע פרייַנדשאַפט און פאַר דעם בית־ווילנע אַ באַטייַטנדיקער בייַשטייַער. בעת זייַן באַזוך אין לאַנד איז ער מיט זייַן פרוי רחל אַדאָפּטירט געוואָרן אין דער ווילנער משפּחה ווי בכּבודיקע מיטגלידערס. לײדער איז ער פריצייַטיק אַוועק פון דער וועלט און אַזוי אַרום וועט ער פעלן אויף דעם חנוכּת־הבית פון בית־ווילנע סוף נאָוועמבער. כּבוד זייַן אָנדענק.

מיט כּבוד וויל איך דערמאָנען דעם ווילנער געזעלשאַפטלעכן טוער מישאַ פייגעלסאָן, וועלכער האָט אַ סך געהאָלפן אין דער זאַמלאַקציע אין ניו־יאָרק. צווישן די ווילנער און געשאַפן אַ גרעסערע סומע פאַר דעם אויפבויפאָנד. אויך תּנחום געלער האָט צווישן זייַנע באַקאַנטע צונויפגעזאַמלט אַ באַטייַטנדיקע סומע. צווישן די פילצאָליקע בייַשטייַערערס פון ניו־יאָרק איז כּדאי צו דערמאָנען דעם פאָרזיצער פון ווילנער פאַרבאַנד „פרענדס אָוו ווילנע״ ווײמאַן, ווי אויך דעם ווילנער פאַרבאַנד „נוסח ווילנע״, וואָס האָט זיך בייַגעשטייַערט פאַרן בית־ווילנע.

אַ געלונגענע זאַמלונג האָט דוד יוטאַן דורכגעפירט אין לאָס־אַנדזשעלעס. דער דאָרטיקער ווילנער פאַרבאַנד, בראש מיט דעם פאָרזיצער לעאָן קלאָט און דער ענערגישער סעקרעטאַרין עמאַ טעלעראַנט האָבן אַ סך בייַגעטראָגן צום דערפאָלג פון דער זאַמלאַקציע אין קאַליפאָרניע.

פאַקטיש איז 7 וואָכן צו קנאַפּ פאַר אַ „געלט־קאַמפּיין״ אין אַזאַ גרויס לאַנד ווי אַמעריקע. אָבער לויט דער סומע וואָס מיר האָבן דאָרט געשאַפן, מעג די זאַמלונג באַטראַכט ווערן ווי אַ געלונגענע. פאַר דעם האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אונדזערע טייַערע און איבערגעגעבענע ווילנער פרייַנד.

יצחק מילקובסקי

# קווים לתולדות
# איגוד יוצאי וילנה והסביבה בישראל

**(לרגל פתיחת „בית וילנה")**

בשנת 1945 נוסד איגוד יוצאי וילנה לעזרה והצלה מתוך כוונה לסייע ל־שרידי־הגולה שניצולו מן הטבח בווילנה. המארגנים שמו להם למטרה להפעיל את כל אנשי וילנה וסביבתה למען הושטת עזרה נוספת וטיפול אינדיבידואלי מיוחד, דבר שהמוסדות הכלליים, עם כל רצונם הטוב, לא היה באפשרותם לעשותו.

אין זה תפקיד קל לארגן את כל יוצאי וילנה, — שכן הם בני עליות שונות, גילים שונים, מעמדות שונים והשקפות־עולם שונות; ובתוכם מספר ניכר מה־סביבה וממרחקים, אנשים שלא נולדו בווילנה, אלא שבתוקף נסיבות חייהם וגל־גוליהם הסתופפו בווילנה וספגו מרוחה ומצביונה עד כדי הזדהות גמורה עם העיר, שנעשתה להם יקרה כעיר מולד־תם ומקום גידולם וחינוכם.

באותה שנה, שנת 1945, בעיקר לא היה ידוע כיצד ניתן להושיט עזרה ממשית ל־אחינו הווילנאים הנמקים בסבלם. אבל מייד לאחר שניתנה האפשרות הראשונה להעביר אליהם חבילות־מזון ובגדים ב־אמצעות הסוכנות היהודית והג׳וינט — נרתמו המייסדים לעבודה זו.

האיגוד פתח משרד, בו רוכזה אינפור־מציה בשביל כל אחד שפנה והביע את רצונו לשלוח חבילות עזרה, והאיגוד נטל על עצמו את הסידורים הטכניים ואת ה־השתתפות בהוצאות השולחים. באותו פרק זמן התחילו להתקבל מכתבים מאנשים בווילנה ובמקומות פזוריהם, שהוגלו ל־שם, כגון רוסיה האסייאנית, וכן מניצולי מחנות ההסגר באירופה. ברוב המקרים לא היה לאנשים קרוב או גואל ולפיכך הושטה להם עזרה בהשתדלותו של האי־גוד על ידי הסוכנות היהודית.

העדות שהושמעה מפי עדים חיים על השמדת וילנה רק הידקה את הקשר בין יוצאי וילנה שבארץ לבין אלה שהגורל כה התאכזר להם. מי שזקוק היה לסיוע ראשון קיבלו מייד. האיגוד לא הסתפק ב־הושטת עזרה גרידא, אלא שם לב לכל אחד ואחד אישית ונתן הדרכה לכל עולה, כדי שימצא את תיקונו בחיים החדשים בארץ. עזרו לו למצוא קרובים, מכרים או ידידים, שכתובתם נעלמה ממנו וכל הגורמים יחד הואילו למצוא את הדרך המתאימה להתמזגות בתוך הישוב.

ארגונים של יוצאי וילנה בארצות אח־

רות — כמו איטליה, צרפת ועוד — סייעו בידי האיגוד ע״י המצאת רשימות של הניצולים ופירסום רשימות אלה בעיתו־נות ועל־ידי עבודת־גומלין של העברת רשימות מהארץ אליהם על מנת לקבץ נידחים ולקשר קרובים.

ראש דאגתו של האיגוד לפליט היתה למצוא לו עבודה מתאימה לכושרו הגופ־ני או למקצועו, ועל ידי כך לפתח בו את הרגשת אי־תלותו. נוצלה כל ההשפעה האישית של אנשי האיגוד בחוגים שונים ביישוב וכל מאמץ לא היה קשה בעיניהם. הוצאו מאות מכתבי המלצה ועשרות פניות אישיות מטעם כל חברי הוועד בלי להת־חשב בטרדות הלא מעטות.

בין השרידים שעלו היו רופאים, אח־יות, מהנדסים, טכנאים, בעלי־מלאכה ו־אנשים מחוסרי־מקצוע. היו גם נערים בגיל רך, שהיה צורך להקנות להם מק־צוע. לכל אחד ניתנה תשומת־לב מספ־קת, כדי להקל את חבלי קליטתו וכל מי שפנה לא הושב ריקם. ברוב המקרים התברר, כי למען אפשר לשרידים היאח־זות מסודרת יותר יש לדאוג למתן הלוו־אות לסידורים קונסטרוקטיביים. האיגוד מצא לנכון לתת את הכסף בצורת הל־וואה באמצעות בנק, כדי שהעולה ירגיש כי מחובתו, עם התבססותו בעבודה, להח־זיר את הכסף כחוב שמוטל עליו לסלקו, ולא כדבר צדקה.

בעיית השיכון היתה החמורה ביותר. האיגוד הצליח לשכן את רוב העולים בתוך הבתים, שנבנו ע״י הסוכנות וה־עיריות וכן על ידי מתן הלוואות, כדי להשיג דירות במקומות פרטיים.

בין השרידים באו גם חולים ותשושים. גם להם הושטה עזרה, הן על ידי ריפוי מקומי והן על ידי הפנייה לבתי־חולים והבראה. רבים היו חסרי לבוש וגם בשטח זה נעשה כמיטב היכולת. עיקר הפעו־לות היה להושיט עזרה בארץ לאלה שזה מקרוב באו, אבל הידיעות שהגיעו מחו״ל אילצו לשלוח עזרה גם לארגונים של יוצאי וילנה בחו״ל, כגון: בלודז׳, באיט־ליה, בצרפת ובקפריסין. יש לציין, כי עבודה זו הוקלה ע״י קבלת עזרה גם מארגונים בחו״ל, כמו ניו־יורק, קייפטאון ויוהנסבורג.

מאז ייסודו טיפל איגוד יוצאי וילנה בהקמת יד לזכר וילנה היהודית, — מפעליה ואנשיה. היו הצעות שונות, כמו: ייסוד מושבה, הקמת מוסדות, בתי תר־בות, הוצאת ספר־זכרון וכד׳. לבסוף הוח־לט להקים „בית וילנה״.

נעים לציין, כי כל חברי הוועד עבדו תוך מסירות והבנה הדדית. ולא חברי הוועד בלבד, אלא כל אנשי וילנה מילאו את חובתם ולא חסכו מעצמם עמל, טר־חה, עזרה כספית ניכרת, כדי לאפשר פעולה לבבית זו. הודות לכל אלה הוקם משכנו החדש „בית וילנה״. הודות למא־מצים ההם ולעבודה פוריה זו יש לנו כיום מועדון, מקהלה, מתארגנת תזמורת כלים עממיים ועוד.

אנו מקווים, כי כל בני־עירנו בארץ ובאשר הם שם, ימצאו בבואם ארצה ב־„בית וילנה״ את שלוותם ומנוחתם הרוח־נית.

## יוסף ראַדזעלי

# קורצע סך־הכלען

**( צו דער דערעפענונג פון „בית-ווילנע" )**

### די ערשטע טריט

די ערשטע אָרגאַניזירטע טעטיקייט נוסח ווילנע אויף דער ישׂראל־ערד האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1935 מיט אַ ווילנער מנין און אַ גמילות־חסד־קאַסע. פון די זעקס ותיקים, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיט די צוויי געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, איז שוין היינט קיינער ביים לעבן ניטאָ.

אין יענער צייט האָבן אונדזערע טייערע לאַנדסלייט ז"ל געהאַט וואַרשיינלעך איין איינציקן ציל: אין פּראָצעס פון איינוואָרצלען זיך אין דעם לאַנד פון די אָבות, אַריבערפלאַנצן אויף דער הייליקער ערד אויך דעם גוטן גייסט און די גוטע מידות פון ירושלים־דליטא. געוויס האָבן זיי דעמאָלט ניט געקענט פאָרויסזען, אַז זיי לייגן דעם יסוד פאַר אַ פאַרבאַנד, וואָס וועט יאָרן שפּעטער זיך דאַרפן גאָר מטפל זיין מיט דער שאָרית־הפליטה פון דער אומגעבראַכטער ווילנער יידישער וועלט, מיט אָפּראַטעוועז, צונויפזאַמלען, פאַראייביקן...

פון 1945 ביז היינט, ערב דעם חנוכּת־הבית פון ווילנער קולטורהויז אין מדינת ישׂראל, האָט דער איגוד יוצאי ווילנה מצליח געווען אויף אָט דעם גורלדיקן וועג. פאַרשטייט זיך, אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון די באַקאַנטע ווילנער געזעלשאַפטלעכע טוערס, ותיקים און עולים, וועלכע האָבן אין פאַרשיידענע צייטאָפּשניטן אָנגעפירט מיט דער טעטיקייט פון דעם ווילנער־פאַרבאַנד: ד"ר א. לעוויט, יהושע גורוויץ, חיים קאָפּעלאָוויטש, אַדוו' אליהו רודניצקי, ד"ר אַ. ליבאָ און ד"ר מ. דוואָרזשעצקי.

ווען ד"ר אַ. ליבאָ ז"ל איז אָנגעקומען אין לאַנד, איז זיין הויז אויף אחד־העם 140 געוואָרן דער צענטער פון אַלע ווילנער טעטיקייטן אין לאַנד. אין זיין וווינונג האָט געווימלט מיט ווילנער גייסט און ווילנער לעבן. דאָ זענען אויסגעחלומט געוואָרן חלומות, געפירט געוואָרן הייסע, פייערדיקע וויכּוחים. דאָ האָט מען געקענט קריגן אַן עצה, מעדיצינישע הילף און אָפט אַ פּאָר פונט פאַר אַ נייעם עולה. ד"ר אַ. ליבאָ האָט ממשיך געווען די מסורת פון אַ ווילנער יידישן פאָלקסדאָקטער אויך דאָ אין לאַנד.

דער צווייטער געביט, אויף וועלכן דער ווילנער־פאַרבאַנד האָט דערגרייכט ממשותדיקע אויפטועז איז, אָן שום ספק, די פאַרצווייגטע קולטור ־ טעטיקייט נוסח

ווילנע: ליטעראַרישע אָוונטן, פּאַרלעזונ־גען, אימפּרעזעס, אָנדענק־אָוונטן אד״גל. די קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן האָבן אויסגענומען ביים עולם און דער פאַרבאַנד איז געוואָרן אַן אַדרעס פאַר אַלע ווילנער, וועמען ס׳איז טייַער און הייליק דער אָנדענק און המשך פון ירו־שלים־דליטא. שוין דאַן איז אויפגעקומען דער געדאַנק וועגן אַן אייגענעם לאָקאַל, אַ ווילנער קולטורהויז. ערשט נאָך דעם ווילנער וועלט־צוזאַמענפאָר אין ישׂראל, אין יולי 1968, האָט דער חלום אָנגע־הויבן פאַרווירקלעכט צו ווערן. געוועזן די העכסטע צייט — דער פאַרבאַנד האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר זייַן ערשטלינג, דעם „ווילנער כאָר״, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען אין גאַנצן לאַנד, און פאַר זייַן ליבלינג, דעם „ווילנער קלוב״, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטער פון אַלע קולטור־טעטיקייטן צווישן דעם ווילנער עולם אין ישׂראל.

,,ווילנער קלוב״

העכער צוויי הונדערט באַגעגענישן זע־נען פאָרגעקומען אין קלוב זינט דער אָפיציעלער דערעפענונג, דעם 16טן יולי 1967. דאָ זענען אויפגעטראָטן באַקאַנטע אַרטיסטן, זינגערס, געוועזענע פּאַרטיזאַ־נער, שרייַבערס און זשורנאַליסטן, כּנסת־דעפּוטאַטן פון פאַרשיידענע ריכטונגען, דאָ האָט רעציטירט דער האַרציקער ד״ר אַלכּסנדר ליבאָ שלום־עליכמען און משה נאַדירן.

געוועזן ניט לייַכט אָנצוגיין רעגולער מיט די אָוונטן אָן אַן אייגענעם לאָקאַל. אָבער לייבל קאַריסקי, דער לייטער פון קלוב און אָרגאַניזאַטאָר פון די אימפּרע־זעס, האָט זיך אַן עצה געגעבן — געוואָנ־דערט פון איין לאָקאַל אין אַ צווייטן: נחמני 39, בית־המלין, ליטווישער פאַר־באַנד און צוריק אויף נחמני 39. פון דעסטוועגן איז דער וואַנדערנדיקער קלוב געוואָרן דער טרעפפּונקט פון דער גאַנ־צער ווילנער עדה אין ישׂראל: אַלטע און נייַע עולים, געסט פון אויסלאַנד — אַלע האָבן געוווּסט, אַז אויב מען וויל עמעצן טרעפן, אַ פרייַנד צי אַ באַקאַנטן, דאַרף מען קומען אין ווילנער קלוב.

,,ווילנער כאָר״

אין מאַרץ 1974 האָבן מיר געפייַערט דעם צען־יאָריקן יובילײ פון „ווילנער כאָר״. דער כאָר ציילט קרוב 70 זינגערס און זינגערינס, ליבהאָבערס פון יידישן ליד (אַ טייל פון זיי וועטעראַנען פון די אַמאָליקע ווילנער יידישע פאָלקסכאָרן), וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט פּאָפּולאַריזירן דאָס יידישע ליד.

אין משך פון די פאַרגאַנגענע צען יאָר איז דער כאָר (דיריגענטן, פון 1964 ביז הייַנט: יעקב סאָלאָנאָיץ ז״ל, ברוך זשיס־לין און עוואַ פּיטליק) אויפגעטראָטן כמעט אויף אַלע בימות פון לאַנד, אַרויס־געלאָזט אַ פּלאַטע מיט 14 אויפגעפירטע פאָלקסלידער, אויסגעברייטערט זייַן רע־פּערטואַר, ביי דער זייַט פון יידישן ליד, וואָס האָט געשפּילט אַ מאָל אַ וויכטיקע ראָל אין לעבן פון שטאָט און שטעטל, מיט הייַנטצייַטיקע העברעיִשע לידער.

דאָס נייַע קולטורהויז אויף דער יהודית־אַלעע אין תל־אביב וועט פון איצט אָן זייַן דער שטענדיקער אַדרעס פון „וויל־נער קלוב״ און „ווילנער כאָר״.

גאָלדע גאָרדאָנאָוויטש

# פּרויענקרייַז בייַם ווילנער־פֿאַרבאַנד אין תּל־אָביב

מיר, דאָס הייפל לעבן־געבליבענע ווילנער, האָבן געפֿונען אין מדינת ישׂראל אונדזער היים, האָבן זיך דאָ אײַנגעוואָרצלט און אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן. מיר זענען טרײַע און איבערגעגעבענע בירגערס פֿון אונדזער לאַנד, אָבער דאָס פּײַערל פֿון ווילנע, אונדזער היימשטאָט, ברענט נאָך אין אונדזערע הערצער און וועט ניט אויסגעלאָשן ווערן כּל־עוד מיר זענען דאָ. מיר דאַרפֿן איבערגעבן דעם נײַעם דור, די קומענדיקע דורות, די תּורה און חכמה, די גרויסקייט פֿון ירושלים־דליטא און גלײַכצײַטיק דערמאָנען איר טראַגישן, זינלאָזן חורבן.

אין סעפּטעמבער 1971 האָט זיך פֿאַרזאַמלט אין דער וווינונג פֿון אַבא ספּיר אַ גרופּע ווילנער פֿרויען, צווישן זיי: גורניצקי צילה, דײַכעס מוסיה, ווילדשטיין צביה, גאָרדאָנאָוויטש גאָלדע, יחיאלי סוניה, קאָריסקי מרים, קלאָצניקאָוו נעמי און ראַבינאָוויטש לאה. יענעם אָוונט האָבן די דערמאָנטע חברות זיך אָפּגערופֿן אויף דער איניציאַטיוו פֿון אַבא ספּיר און געגרינדעט דעם פֿרויענקרײַז בײַם „איגוד יוצאי ווילנה".

די ערשטע אויפֿגאַבע, וואָס דער קרײַז האָט גענומען אויף זיך, איז געווען: שאַפֿן די נייטיקע געלטמיטלען אַרויסצוגעבן אַן אָנדענקבוך לכּבֿוד דעם באַליבטן בײַ אַלע ווילנער ד"ר אַלכּסנדר ליבאָ. אַ דאַנק דער ענערגישער און איבערגעגעבענער אַרבעט פֿון אַלע חברות איז אין משך פֿון אייניקע וואָכן דערגרייכט געוואָרן דער ציל.

אין פֿאַרלויף פֿון דער צײַט האָבן זיך אָנגעשלאָסן צום פֿרויענקרײַז די חברות בורגין זלאַטע, חדש שרלוטה, מילאַקאָווסקי ליזה, לב אסתּר, ליבאָ וירה, קאַגאַנאָוויטש סימה און קאַפּלינסקי מאשה.

דער פֿרויענקרײַז איז טעטיק בײַ יעדער קולטור־אַרבעט. העלפֿט אָרגאַניזירן און דורכפֿירן די אימפּרעזעס און פֿאַראַנשטאַלטונגען פֿון „איגוד יוצאי ווילנה".

אייניקע חברות פֿון קרײַז זענען פֿאַרטראָטן אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון „איגוד" און אין אויפֿבוי־קאָמיטעט פֿון „בית־ווילנה", ווי אויך אין ווילנער כאָר. דער פֿרויענקרײַז האָט זייער פֿיל מיטגעהאָלפֿן צום מאַטעריעלן דערפֿאָלג פֿון קאָנצערט פֿון די ווילנער קינסטלערס, וועלכער איז פֿאָרגעקומען אין פֿעברואַר 1972 אין „היכל התרבות". אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן פֿרויענטאָג אין מאַרץ 1972 איז דורך דעם פֿרויענקרײַז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין לאָקאַל פֿון „איגוד יוצאי ליטא" אַן אינטערעסאַנטער אָוונט מיט אַ רײַכער ליטעראַריש־קינסטלערישער פּראָ

גראַם, אין וועלכן עס האָבן אויך אָנטייל גענומען די חברות פון קרייַז. דער אָוונט האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג און איז וואַרעם אָפּגעשאַצט געוואָרן אין דער יידישער פרעסע.

דער פרויענקרייַז האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער געלטאַקציע פאַר דעם „בית־וילנה" און בייַגעטראָגן זייַן חלק צו דער אַלגעמיינער הצלחה.

און איצט, מיט דער דערעפענונג פון „בית־וילנה" אין תל־אביב, ווען אונדזער חלום פון צענדליקער יאָרן איז ענדלעך פאַרווירקלעכט געוואָרן — האַלטן מיר, פרויען, פאַר אונדזער פליכט, פאָרצו־זעצן אונדזער טעטיקייט אויף אַלע געביטן, ווו מיר וועלן נאָר קענען ברענגען נוצן אין גייַסט און אין נוסח פון ווילנע אונדזער היימשטאָט.



ווילנער כאָר

בנימין אַנוליק

# להנצחת וילנה
# ב„בית לוחמי הגיטאות"

במשך השנים האחרונות הוקמו ב„בית לוחמי הגיטאות" מפעלים אחדים המוקדשים לווילנה היהודית.

ביום השנה הכ"ט לחיסול גיטו־וילנה נחנך כאן „אולם וילנה", המהווה תצוגה קבועה מוקדשת לירושלים דליטא. התצוגה סוקרת את קורותיה של קהילת וילנה במשך 400 שנה. החל בראשית המאה ה־16 ועד כיבוש העיר ע"י גרמניה הנאצית ביוני 1941.

האולם מחולק למדורים — חלק כללי; היסטורי; בין שתי מלחמות העולם; השנים 1939־41. באולם — מפת וילנה המופעלת ע"י מנורות חשמל, המציינות את בתי־הכנסת בווילנה, בתי־הספר היהודיים, מוסדות תרבות, כלכלה וסעד.

לפני שנים אחדות ערך הבית תערוכות זמניות אחדות שעניינן קהילת וילנה: העיתונות היהודית בווילנה מראשית המאה (כ־400 יחידות); תערוכת איורים של הצייר הפרטיזאן אלכסנדר בוגן; לתולדות החינוך העברי בווילנה לפני השואה (מהאוסף של שלמה פרבר); תערוכת ציורים על הנושא „גיטו וילנה" של האמן העולה מברית־המועצות שמעון גרמייזה.

באחד האולמות של המוזיאון מוצגת תערוכה „העיירה אולקניקי" — הסמוכה לווילנה. התערוכה כוללת מוצגים רבים — תצלומים, תעודות, דגמים על החיים החברתיים, הכלכליים והתרבותיים של עיירה יהודית בטרם שואה.

גם בפרסומי הבית לא נפקד מקומה של וילנה. בהוצאת „בית לוחמי הגיטאות" ראו אור כמה ספרים שנושאם וילנה בתקופת השואה:

„יומנו של נער מווילנה" — יומן אשר נכתב בגיטו ע"י נער בן 15, יצחק רודשבסקי. יומן זה הופיע גם בתרגום אנגלי.

„אין געטאָס און וועלדער" — זכרונות של איש וילנה אליעזר אנגלשטרן. על גיטו וילנה, בדרכים אל הפרטיזאנים, ביערות.

„פאַרשריבן אין אַ שײַער" — רשימותיה של רות לימנזון־אנגלשטרן, שמצאה מסתור בגורן ושם העלתה זכרונותיה מתקופת המלחמה (1943־44).

כן הוציא הבית לפני שנים אחדות תקליט ביידיש: „דאָס געזאַנג פון ווילנער געטאָ" ובו 12 שירים מגיטו־וילנה. השנה הוצא תקליט נוסף, בעברית: כלולים בו 12 שירים מגיטאות שונים, מחציתם מגיטו וילנה. לתקליט מצורפת חוברת ובה השירים בעברית ובשפת המקור (יידיש) וכן דברי הסבר על הנסיבות שבהן נוצרו והושרו. שני התקליטים זכו לתפוצה רבה והביאו את שירת הגיטו

והפרטיזאנים לבתים יהודיים רבים בארץ ובגולה.

בארכיון של הבית הוקם מדור מיוחד לווילנה. ברשותו אלפי תצלומים הממויי־נים לפי נושאים: ועידות וכנסים, אי־שים, סופרים, אמנים, בתי־כנסת, בתי־קברות, הווי יהודי, מראות הרובע היהו־די, נוף ומראה כללי, גני־ילדים, בתי־ספר וסמינרים, ארגונים שונים, גיטו־וילנה, תנועת המרי בווילנה בימי הכיבוש הנאצי, פרטיזאנים יוצאי וילנה, המחנות באסטוניה אליה הוגלו כלואי הגיטו.

בארכיון כרטסת מלאה על אסירי קלו־גה. נמצאים בידינו מאות ספרים על וילנה היהודית ועל גיטו וילנה וספרים שראו אור בווילנה, ספרי־לימוד שונים בעברית וביידיש וכן אוסף עיתונים וכתבי־עת.

בארכיון כמה אוספים פרטיים חשובים — אוסף שלמה פרבר, אוסף חיים קופי־לוביץ, אוסף ד״ר אלכסנדר ליבו, אוסף מאיר מלמד, אוסף הרב פסקר ואחרים.

ברשותנו דגם גיטו וילנה, שהוכן ב־ווילנה במשך שנים ע״י הפרטיזאן לייב שר. גודלו כשניים על שניים מטרים. הובא לארץ ב־8 חלקים ע״י עולים חדשים, חבריו של שר. הדגם מדוייק מאוד ואפשר להבחין בו בכל הרחובות והבתים בגיטו.

בעתיד הקרוב עומד הבית להתחיל בהכנת ביבליוגראפיה של ספרים וכתבי־עת על וילנה. עבודה זו תיעשה בשיתוף עם אוניברסיטת חיפה. המפעל נתאפשר הודות להתגייסותם של אנשי וילנה ב־חיפה.

ביוזמת ארגון יוצאי וילנה בחיפה וה־זוג מטלה וארוין דטנר הוקמה קרן ל־זכרו של אהרון קרוכמלניק, איש וילנה. קרן זו וכן ועד מיוחד ע״י „נוסח וילנה״ בניו־יורק סייעו בהנצחת וילנה ב„בית לוחמי הגיטאות״.

אנשי וילנה בארץ ומחוצה לה הקימו ב„בית לוחמי הגיטאות״ יד לקהילת ויל־נה החרבה. המבקרים הרבים הפוקדים את הבית — ובמיוחד בני הדור הצעיר — לומדים על אחת הקהילות המפוארות ב־אירופה, בגאונה ובשברה. כל המפע־לים המוזכרים משתלבים במערכת לימו־דית ותצוגתית של „בית לוחמי הגיטאות״.

## „ירושלים־דליטא
## אילוסטרירט און דאָקומענטירט"

אין ניו־יאָרק איז נאָר וואָס דערשינען דער לאַנג דערוואַרטער היסטאָרישער בילדער־אַלבאָם, וואָס נעמט אַרום 500 יאָר ייִדיש לעבן און שאַפן אין דער איינציקאַרטיקער שטאָט ווילנע ירושלים־דליטא. דער פראַכטפולער אַלבאָם איז געדרוקט אין דריי בענד. דער ערשטער מיטן צווייטן באַנד ציילן 540 זײַטן און נעמען אַרײַן 3000 בילדער, פאָטאָסטאַטן־דאָקומענטן פון 15טן יאָרהונדערט ביז איבער דער חורבן־תּקופה. די קורצע דערקלערונגען אונטער די בילדער און דאָקומענטן זענען געדרוקט אין פיר שפּראַכן: ייִדיש, העברעיִש ענגליש און רוסיש. דער דריטער באַנד אַנטהאַלט זוכצעטלען און אַ ביבליאָגראַפיע צו די בילדער און דאָקומענטן פון ערשטן און צווייטן באַנד. צום אַלבאָם איז בײַגעלייגט אַ מאַפּע אין ייִדיש פון ווילנע מיט אירע פאָרשטעטלעך.

דער היסטאָריש־דאָקומענטאַרער געדענק־אַלבאָם איז רעדאַגירט און צוזאַמענגעשטעלט פון דעם חורבן־פאָרשער לייזער ראַן; אַרײַנ־פיר־ווערטער האָבן געשריבן: פּראָפ׳ בן־ציון דינור, פּראָפ׳ אברהם־יהושע העשל, פּראָפ׳ ישׂראל קלויזנער און לייזער ראַן.

ס׳לאָזט זיך בשום־אופן ניט גלייבן, אַז די גראַנדיעזע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן בפועל־ממש פון אַ יחיד. אמת, אויף דער ערש־טער זײַט פיגורירן די נעמען פון טעכנישע מיטאַרבעטערס, ווי אי־בערזעצערס, קאָרעקטאָרן, קאָנסולטאַנטן, פאָטאָגראַפן. אָבער לויט ווי דער שרײַבער פון די שורות ווייס צו דערציילן, ווי איינער פון די ערשטע חסידים פון אַרויסגעבן דעם אַלבאָם, האָט דער איניציאַ־טאָר לייזער ראַן אַליין געטאָן די הויפּטאַרבעט פון צוזאַמענשטעלן דעם דאָקומענטאַרן געדענק־אַלבאָם. אַ געוואַגטער פאַרמעסט און אַ וויכטיקער אויפטו פון אַ יחיד, וואָס האָט אַרײַנגעלייגט אין דעם הייליקן ספר העכער 30 יאָר אומדערמידלעכע אַרבעט און אומבאַ־גרענעצטע צײַט. מיט דעם חלום האָט זיך לייזער ראַן, איינער פון די געציילטע לעבן־געבליבענע מיטאַרבעטערס פון ווילנער ייִוואָ, אַרומגעטראָגן אַ סך יאָרן, און נאָר אַ דאַנק זײַן עקשנות איז דער חלום פאַרווירקלעכט געוואָרן.

**לייזער ענגעלשטערן**

לייזער ראַן

# אַ יאָר פון דערמאָנונג

אין דערמאָנונג ליגט גאולה.
**ישראל בעל-שם-טוב**

פון פאַרוואָלקנטן ניו־יאָרק איז מײַן חג־שׂמח צום חנוכּת בית־ווילנה אַזוי זוניק, ווי דער הימל איבער דעם נײַעם בנין אין תּל־אביב, וואָס צעעפנט די טירן צו וויכטיקע צילן אויף אונדזער סדר־היום: אויפצושטעלן אַ גצזעלשאַפטלעכן אַדרעס פאַר שארית־ווילנה אין מדינת־ישׂראל; אַ בית־זכּרון פאַר דער עדה קדושים; און אַ צענטער, אַ שפּײַכלער פאַר דער גײַסטיקער ירושה פון 500 יאָר ייִדישע שעפערישקייט אין ירושלים־דליטא.

אַז די אַלע צילן זענען פון גרויס וויכטיקייט פאַר (נישט נאָר בלויז) ווילנער ייִדן, איז פאַרשטענדלעך פאַר יעדן פון אונדז. פונקט אַזוי ווי ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז די פאַרלאָרענע יאָרן פאַרשאַפן דאָס געאײַל, וואָס שנעלער זיך צו נעמען די אַלע צילן פאַרווירקלעכן.

אַלע ?

אויב מיר ווילן ווען — אַלע.

ווי איינער וואָס האָט זיך פאַר די לעצטע דרײַ צענדליק יאָר גאָר אַ סך פאַרנו־מען מיט די ענינים קאָן איך עדות זאָגן, אַז ס׳איז ניט נאָר מעגלעך, נאָר אין אונ־דזערע אֵין־ברירה־באַדינגונגען אַפילו צוועקמעסיק אָנצוגיין מיט דער אַרבעט פאַר די דערמאָנטע פאַראַלעלע צילן גלײַכצײַטיק.

אויב נאָר, פאַרשטייט זיך, פאַר יעדער אויפגאַבע וועלן זיך געפינען די פאַר־אינטערעסירטע איבערגעגעבענע טוערס, וואָס וועלן אינוועסטירן זייער צײַט און מי, און פאַר אַלע אויפגאַבעס — אַ געניטע צענטראַלע אָנפירונג, אַלעמענס אַרבעט צו קאָ־אָרדינירן. מיט וויל־נאָר, גלויבן און אידעאַליזם און מיט מיטאַרבעטערס וואָס זענען גרייט צוצולייגן אַ האַנט ווען נאָר און ווו מען דאַרף, ווערט לײַכטער דעם שווערסטן פאַרמעסט צו דערגרייכן.

אָבער פון די אַלע וויכטיקע פלענער און פּראָיעקטן, דורך וועלכע מיר זענען מסוגל אָנצופילן דעם בית, ווי אונדזער הײם, מיט ווילנער גײַסט, נוסח און אָנדענק, וויל איך זיך דאָ אָפּשטעלן אויף אַ מאָנונג וועלכע מען דערמאָנט ליידער צום ווייניקסטן.

אַ פּראָיעקט, וואָס פאָדערט ניט קיין גרויסע אויסגאָבן, קיין שווערע אָנשטרענ־גונגען, קיין ספּעציעלע קענטעניש פון אויסגעשולטע פאָרשערס און קיין אומבאַגרע־נעצטע צײַט און מי. דאָס וויכטיקסטע — אָבער אומבאַדינגטע — וואָס דער פּראָיעקט פאָדערט יאָ, איז פאַרשטענדעניש און גרייטקייט פון יעדן ווילנער ייִד צו ווידמען עטלעכע צענדליק מינוט, אויף צו פאַרצייכענען וואָס ער (אָדער זי) געדענקט וועגן די נאָענטע פאַמיליע־מיטגלידער, קרובים, חברים, פרײַנד, לערערס, שכנים, באַקאַנטע, וואָס זענען אומגעקומען אין גרויסן חורבן, און דאָס פאַרצייכנטע איבערשיקן צום יזכור־קאָמיטעט אין בית־ווילנה, אין תל־אביב.

*

מען מעג אָננעמען, אַז העכער 90% פון די אומגעקומענע ווילנער ייִדן זענען ניט נאָר פיזיש אומגעבראַכט געוואָרן, אויך זייער לעצטער זכר — דער נאָמען, וואָס האָט דאָקומענטירט זייער עקסיסטענץ, איז אָפּגעמעקט געוואָרן צוזאַמען מיט זייער אויסגע־לאָשענעם לעבן.

אינדיווידועלע קברים מיט מצבה־דענקמעלער לזכרון — דאָס איז אַ לוקסוס, צו וועלכן די געשטאָרבענע בימי החורבן האָבן זעלטן דערגרייכט. אָבער אויך די ייִדן וואָס זענען געשטאָרבן און געקומען צו קבר־ישראל פאַרן חורבן (אויף די שפּעטערדיקע מאָרד־טעריטאָריעס), זענען זייערע קברים מיט די מצבה־דענקמעלער אויף די ייִדישע בית־עלמינס צעשטערט געוואָרן צו גלײַך מיט די ייִדישע לעבנס אין די געטאָס און קאָנצלאַגערן.

די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון ייִדישער עקסיסטענץ אין אַלע אירע פאָרמען, אויס־דרוקן און צײַט־דימענסיעס — הווה, עבר און עתיד — דאָס איז געווען דער דעטערמי־נירטער ציל פון דער נאַציישער „ענדגילטיקער לייזונג פון דער ייִדן־פראַגע" און איז פאַרבליבן די צילברעט פאַר אַלע זייערע שוואַרצע און רויטע יורשים און נאָכפאָלגערס.

די ווײַטזעעוודיקסטע און סטראַטעגיש ווירקזאַמסטע ייִדישע קאָנטער־אַטאַקע קעגן אַלע אָנגעווענדטע אַלטע און נײַע וואַריאַנטן פון דער „ענדגילטיקער לייזונג" איז — די כּסדרדיקע רעקאָנסטרוקציע, באַנײַונג און המשך פון אַלץ וואָס איז ייִדיש־שעפעריש און — אייביק.

אויב שטיינערנע און מעטאַלענע דענקמעלער האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַזוי ניט־שטאַנדהאַפטיק קעגן אָרגאַניזירטער און דעטערמינירטער (אומ)מענטשלעכער רישעות, איז אָבער די פאַפּירענע בריק — ווי די מסורה לערנט אונדז — שטאַרקער און דויער־האַפטער פון זיי אַלע. אויף דער פאַפּירענער בריק — אויף די פונדאַמענטן פון גלויבן און זכרון — זענען ייִדן אַדורך און אַריבער אַלע מאַסן־רציחות, גירושים, אינקוויזי־ציעס און פּאָגראָמען און האָפן אויף אָט דער אויסגעפּרוווטער בריק דער גאולה אַנטקעגן גיין.

דער פאַרמעסט אויפצוקלײַבן די נעמען פון דער עדה קדושים פון ירושלים־דליטא איז אָבער אַן אויפגאַבע וואָס בלויז אונדזער דור פון חורבן און באַנײַונג איז

מסוגל דורכצופירן ווי געהעריק. עס איז שוין שפּעט געגוג די זכּרון־אַקציע ענדלעך אַרויפצושטעלן אויף אונדזער סדר־היום. אין די פאַרגאַנגענע דרײַסיק יאָר האָבן מיר פאַרלאָרן אַ שלל מיט ווערטפולע ידיעות, סײַ צוליב די פאַרשטאָרבענע עדות און סײַ צוליב די שוין פאַרגעסענע פאַקטן און נעמען. טאָרן מיר מער נישט זאַמען צו מאָביליזירן אונדזער זכּרון און פאַרצייכענען די נעמען פון אַלע פאַרשוווּנדענע ווילנער ייִדן ווענענס לעצטער זכר פינקלט נאָך אין אונדז.

פאַר די אומבאַקאַנטע קברים פון אונדזערע אַלעמענס נאָענטסטע וועלן די קאָלעק־טיווע יזכּור־בלעטער דינען ווי דער לאַנגדויערנדיקסטער געדענקמאָל, ווו די נאָמענלאָזע קדושים וועלן צוריק באַקומען זייערע פאַרברענטע ייִדישע נעמען און אָפּט די קאָנטורן פון זייערע פאַרגאַזטע געשטאַלטן, און די עדה פון ירושלים־דליטא וועט אין דעם בית־החיים פון פאָלקישן זכּרון פאַרבלײַבן אויף תּמיד.

אויב מיר — די לעבן־געבליבענע ייִדישע עדות — וועלן ניט פאַרצייכענען די נעמען פון דער אויסגעמאָרדעטער ווילנער קהילה, די דאַטן און ערטער פון זייער אומ־קום, און אַנדערע דאָקומענטירטע פאַקטן פון זייער לעבן און אומקום — וועט אונדזער אומדערקלערלעכער (און אומפאַרגעבלעכער) שווײַגן העלפן צו פאַרגעסן דעם גרויסן אַכזריותדיקן מאַסנמאָרד און ריינצוואַשן די מערדערס און מיטשולדיקע אין גענאָסיד־פאַרברעכן לגבי אונדזער שטאַם.

✶

מײַן קאָנקרעטער פאָרשלאָג איז: פּראָקלאַמירן פון הײַנטיקער געטאָ־יאָרצײַט ביז דער קומענדיקער אַ יאָר פון זכּרון, — ווילנער ייִדן בכל תּפוצות־ישׂראל זאָלן מאָביליזירט ווערן אויסצופילן יזכּור־אַנקעטעס אויף יעדער פּערזאָן (מאַן, פרוי און קינד), וועגן וועמען זיי איז באַקאַנט וועלכע עס איז ידיעות וועגן זייער אומקום (מעג עס זײַן אַזוי ווייניק ווי אַ פאַמיליע־נאָמען און אַן אַקציע, ווען יענע(ר) איז צוגענומען געוואָרן).

דער ספּעציעל געשאַפענער יזכּור־קאָמיטעט, וואָס וועט זיך פאַרנעמען מיט דעם ענין, דאַרף זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט אַלע ווילנער ייִדן. ווו נאָר עס געפינט זיך אַ ווילנער־פאַרבאַנד, אָדער אָרגאַניזירטע ווילנער גרופּעס, דאַרפן זיי אויסטיילן ספּעציעלע יזכּור־קאָמיסיעס, וועלכע זאָלן זיך דירעקט פאַרנעמען מיט דורכפירן די יזכּור־אַקציע אין זייער ווינשטאָט און אין די שכנותדיקע געגנטן. זיי דאַרפן צעטיילן די יזכּור־אַנקעטעס, אינסטרויִרן ווי אַזוי צו פאַרצייכענען די ידיעות (באַזונדערס וועגן באַשטימטע געשעענישן וועגן וועלכע אַ געוויסער יחיד האָט ווערטפולע אינפאָרמאַציעס), אויפנעמען די אויסגעפילטע אַנקעטעס, דערמאָנטע צוגאָבן, און איבערשיקן אין דער צענטראַלער יזכּור־קאָמיסיע.

אַ באַזונדערס וויכטיקער מיטל צו דערגרייכן די ניט־אָרגאַניזירטע ווילנער יחי־דים זענען די ייִדישע ראַדיאָ־און טעלעוויזיע־אויִדיציעס, די אָרטיקע פּרעסע און פּע־ריאָדיק אויף ייִדיש און אין דער לאַנדשפּראַך, בולעטינען פון די צענטראַלע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, צענטערס און קהילות. מען דאַרף זיך באַמיִען, אַז אין דער פּרעסע זאָל אָפּגעדרוקט ווערן די יזכּור־אַנקעטע מיט די באַמערקונגען.

אַלע מעגלעכע מיטלען דאַרפן אָנגעווענדט ווערן צו דערגרייכן, אַז אַלע ווילנער ייִדן זאָלן דערפילן זייער הייליקן חוב און פליכט לגבי זייערע משפחה־מיטגלידער, קרובים, פרייַנד, חברים, שכנים און צופעליקע באַקאַנטע — די קדושים פון ירושלים דליטא.

*

די יזכּור־אַנקעטע וועט אין אונדזער אַרבעטספּלאַן פאַרנעמען דעם וואָגיקסטן אויבנאָן, מיר מוזן זיך אָבער אומבאַדינגט באַניצן אויך מיט אַלע אַנדערע צוטריט־לעכע קוואַלן פון אינפאָרמאַציע.

אין דער זעלבער צייַט ווען איין גרופּע טוערס פון צענטראַלן יזכּור־קאָמיטעט וועט זיך פאַרנעמען מיט דורכפירן די אַנקעטע־אַקציע אין אַלע צוטריטלעכע ייִדישע יישובים, דאַרף אַ צווייטע גרופּע זיך פאַרבינדן מיט די פאַרש־צענטערס פון חורבן (יד־ושם, ייִוואָ, בית לוחמי הגיטאות, מורשת א״אַ), מיט די צענטראַלע ייִדישע הילף־אינסטיטוציעס, וואָס האָבן בעת און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אָנגעפירט מיט אַ זוכדינסט (דזשאָינט, האַיאַס, ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט, ועד הצלה א״אַ) און „דורכגייִן״ די אויפגעהיטע רשימות פון די אומגעקומענע ייִדן אין די חורבן־יאָרן.

מען דאַרף דורכבלעטערן די יאָרגענג 1945 ־ 1950 פון די צענטראַלע ייִדישע טאָגצייַטונגען און די צייַטונגען וואָס זענען דערשינען אין די ייִדישע פּליטים־לאַגערן. אין די אָפּגעפונענע (אָדער צוזאַמענגעשטעלטע) רשימות פון די אומגעקומענע ייִדן אין די נאַצישע קאָנצלאַגערן געפינען זיך נעמען פון טויזנטער ווי־לנער ייִדן.

ווי אַ בייַשפּיל לאָמיר דאָ דערמאָנען, אַז אין 1947 האָט דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס״ אַ רשימה פון 25,000 אומגע־קומענע ייִדן. אין זעלבן יאָר האָט דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט אַרויסגעגעבן אַ מימעאָגראַפישע רשימה „יאָרצייַטן פון אומגעבראַכטע ייִדן אין דאַכאַו״, העפט 1: גע־באָרענע אין ליטע, לעטלאַנד און ווייַסרוסלאַנד, ווו עס זענען פאַרצייכנט אַ צאָל אומ־געקומענע ווילנער ייִדן. פון 31סטן יאַנואַר ביזן 7טן פעברואַר 1962 איז אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס״ פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ רשימה פון 780 ייִדן וואָס זענען אומגעקומען אין קאַצעט שטעמבערג בייַ דאָרטמערגען, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אַרום 400 ווילנער. אין בית לוחמי הגיטאות געפינט זיך אַ פאָטאָסטאַט פון דער קאַרטאָטעק פון די ווילנער ייִדן (וואָס זענען אומגעקומען אויף די שיַיַטערס) אין קאַצעט קלאָגאַ, עסטלאַנד.

אַ גאָר באַטייַטנדיקע צאָל ווילנער ייִדן זענען פאַרצייכנט אין די עדות־בלעטער פון אומגעקומענע ייִדן בימי החורבן וואָס געפינען זיך אין יד־ושם אין ירושלים און אַ צאָל אין די רשימות פון די קדושים וואָס זענען פאַראייביקט געוואָרן אין יער־הקדושים.

די דרייַ טויזנט „געלע שייַנען״ און אַ גאַנצע ריי אַנדערע שייַנען־זאַמלונגען און רשימות פון ווילנער געטאָ האָבן זיך געפונען אין ייִדישן מוזיי אין נאָך־מלחמהדיקן ווילניוס. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דורך דער פאַרמיטלונג פון די אינטערנאַציאָ־

נאָלע פאַרבאַנדן פון געוועזענע אַרעסטאַנטן אין נאַצישע קאַצעטן און פון געוועזענע פּאַרטיזאַנער און אונטערערדישע קעמפערס קעגן נאַציזם, וואָלט מעגלעך געווען צו באַקומען פאָטאָסטאַטישע קאָפּיעס פון די רשימות אין ווילניוס, ווּ די מאַטעריאַלן געפינען זיך.

און דערמיט איז די ליסטע ווײַט ניט אויסגעשעפּט.

פאַראַן אַ דריטער וויכטיקער קוואַל פון פאַרלאָזלעכער אינפאָרמאַציע פאַר דעם צוועק: דאָס זענען די דערשינענע ביכער, בראָשורן, זאַמלביכער און אָפּהאַנדלונגען וועגן חורבן ווילנע, וואָס ציילן זיך אין די הונדערטער *.

אַ דריטע גרופּע טוערס פון צענטראַלן יזכּור־קאָמיטעט דאַרף זיך דעריבער פאַרנעמען מיט „דורכפירן" די אַלע ביכער, זאַמלביכער, בראָשורן און אַרטיקלען, ווּ עס געפינען זיך פאַרצייכנט די נעמען פון אומגעקומענע ווילנער אין (באַשטימטע) געטאָ־אַקציעס, אויפגעדעקטע מאַלינעס, אומגעקומענע אין לאַגערן, געפאַלענע אין וואַלד, אין די פאַרבינדעטע אַרמייען.

לאָמיר דאָ פאַרצייכענען איין אויסעראָרדנטלעכן בײַשפּיל: אין ש. קאַטשער־גינסקיס „חורבן ווילנע" געפינט זיך אַ יזכּור־לעקסיקאָן פון אומגעקומענע ווילנער ייִדן לויט פאַרשיידענע פּראָפעסיאָנעלע קאַטעגאָריעס, וואָס פאַרנעמט 142 זײַטן, און אין די אַנדערע פאַרעפנטלעכטע גבית־עדות אין דערמאָנטן בוך געפינט זיך צוגאָבלעך אַ היפּשע צאָל נעמען פון אומגעקומענע. אַוודאי האָבן מיר נאָר געציילטע ביכער מיט גרעסערע רשימות פון אומגעקומענע ווילנער. אָבער יעדעס בוך און אַרטיקל וועט צוטראָגן אַ צאָל נעמען. און וואָס עס איז וויכטיק דערבײַ אונטערצושטרײַכן: בדרך־כּלל זענען די קלענערע אָפּהאַנדלונגען געווידמעט אַ באַשטימטער אַקציע און בײַם אַרויפטראָגן אויף די געהעריקע קאַרטאָטעק־קאַרטלעך די באַקומענע ידיעות וועגן די אומגעקומענע פון אַלע קוואַלן (יעדער באַזונדער קוואַל פון אינפאָרמאַציע וועט פאַרצייכנט ווערן אונטער די פאַררעגיסטרירטע ידיעות) וועלן גלײַכצײַטיק אויפגעשטעלט ווערן אַ צאָל צוגאָבלעכע קאַרטאָטעקן. לאָמיר דאָ נאָר פאַרצייכענען כאָטש אַ פּאָר פון זיי:

1) אַ קאַרטאָטעק פון אַלע ערטער ווּ ווילנער ייִדן זענען אומגעקומען.

2) אַ קאַרטאָטעק פון אַלע יאָרצײַטן פון די אַקציעס אין ווילנער געטאָ, אין אַלע קאַצעטן און אומקום־ערטער.

צווישן די אויסגאַבעס וואָס דאַרפן קאָנטראָלירט ווערן דאַרפן אומבאַדינגט אײַנגעשלאָסן ווערן די יזכּור־ביכער פון ווילנער פּראָווינץ־שטעטלעך, ווּ עס געפינען זיך בדרך־כּלל רשימות פון די דאָרט אומגעקומענע ייִדן און צווישן זיי — אַ צאָל ווילנער (אַ שטייגער: פון אָשמענע, גלובאָק, וואָראָנאָווע, סווענציאַן, לידע, טראָק, איוויע, דאָקשיץ, א"אַ).

---

* זע די טעמאַטישע ביבליאָגראַפיע וועגן חורבן, וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט פאַר־עפנטלעכט אין 3טן באַנד „ירושלים דליטא אילוסטרירט און דאָקומענטירט", נ"י, 1974.

אין סך־הכּל וועט די אַ״ג חורבן־ליטעראַטור — וואָס איז אין איר פאַרלאָזלעכ־קייט גלייַך צו די ענטפערס פון די יזכּור־אַנקעטעס — צושטעלן די נעמען פון אַ באַטייַטנדיקער צאָל ווילנער.

די פּאַראַלעלע אינפאָרמאַציעס וועגן די אומגעקומענע פון פאַרשיידענע קוואַלן וועלן העלפן צו אורטיילן וועגן דער פאַרלאָזלעכקייט פון די אויסגענוצטע קוואַלן.

*

און צום סוף, מיינען מיר, איז אויף אָן אָרט, אויב נישט צו פאַרענטפערן איז כאָטש לינדערן דעם פאַרשטענדלעכן סקעפּטיציזם וואָס דער פאָרשלאָג וועט אַצינד באַגעגענען:

איז טאַקע איצט — 30 יאָר נאָכן גרויסן חורבן — מעגלעך זיך צו פּאַרמעסטן אויף אַזאַ אויפגאַבע, ווי אויפזאַמלען די נעמען א״א ידיעות פון דער אומגעבראַכטער עדה ווילנער ייִדן?

לדוגמא וועלן מיר דאָ ברענגען צוויי פאַלן, וואָס טיילן זיך שטאַרק אויס מיט זייערע געלונגענע דערגרייכונגען אין דער זעלבער ריכטונג: אויפצוזאַמלען די נעמען פון די אומגעקומענע ייִדן אין גרויסע ייִדישע קהילות.

אין רוים, איטאַליע, זענען אין דער ייִדישער סינאַגאָגע אויסגעשריבן די נעמען פון די 32 טויזנט אומגעקומענע אין די חורבן־יאָרן איטאַליענער ייִדן.

און אין דער פּנחס־סינאַגאָגע אין פּראָג, טשעכאָסלאָוואַקייַ, זענען די ווענט באַ־דעקט מיט די נעמען פון 77,297 אומגעקומענע טשעכישן ייִדן.

קיינער קען הייַנט ניט פאָרויסזען וויפל נעמען אונדזער קאָלעקטיווע אָנשטרענ־גונג וועט באַווייַזן צו פאַרצייכענען, און ווי נאָענט (אָדער ווייַט) מיר וועלן דערגרייכן צו דעם ציפער אומגעקומענע ווילנער. איינס איז אָבער מער ווי זיכער — די צענדלי־קער טויזנטער נעמען וואָס ס׳וועט אונדז געלינגען אַרויסצורייַסן פון פאַרגעסנקייט באַטייַטן אויך — אַ מאָראַלישער זיג איבער אונדזערע פאַרניכטערס, און מיר וועלן האָבן כאָטש אין אַ געוויסער מאָס דערפילט אונדזער פאַרשפּעטיקטן חוב און פליכט לגבי אונדזערע אויסגעמאָרדעטע משפּחות, לגבי דער עדה קדושים. מיט דער זכרון־מגילה אין די 22 טיילן (פאַר יעדן אות פון אלף־בית) מיט די לעבעדיקע נעמען פון דער חרובער ייִדישער ווילנע וועט מיטגיין „דער פּאַראַל פון דור צו דור״:

מיר זייַנען געווען! מיר זייַנען דאָ! און וועלן זייַן — ירושלים־דליטא.



אלכסנדר באָגען — גלובאָק, זאַמקאָװער גאַס (באַרעליעף).

זלאַטע בורגין

## קינדער אין געטאָ

ווען מען האָט די גלובאָקער ייִדן געטריבן אין געטאָ האָבן מיר געהאַט מזל. אונדזער שטוב איז געבליבן אין געטאָ. מיר האָבן זיך ניט געדאַרפט איבערקלײַבן. צו אונדז זײַנען געקומען מיטווױנען דער מאַמעס צוויי שוועסטער מיט די משפחות. צוזאַמען זענען מיר געווען זעכצן נפשות אין צוויי קליינע צימערלעך.

די 8 קינדער צווישן אונדז זענען דורך נאַכט געוואָרן גרויסע. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די אויסזיכטן צו בלײַבן לעבן זענען נאָר פאַר די שטאַרקע, פאַר די וואָס קענען אַרבעטן. די 12־13־יאָריקע מיידלעך זענען אַרויס אַרבעטן צו די דײַטשן. די קלענערע האָבן געראַמט, געוואַשן און געקאָכט. זיי האָבן זיך זייער באַמיט אויסצוזען עלטער, געצוואָגן די קעפּ און געשמירט די האָר מיט קעראָסין. די שוואַרץ־חנוודיקע גאָלדעלע פלעגט קוקן אין שפּיגל און באַדויערן:

„פאַר וואָס בין איך אַזוי ענלעך אויף אַ ייִדישע, איך וועל ניט קענען זיך אויסבאַהאַלטן. אַך, ווען איך וואָלט אויסגעזען אַזוי ווי לייקעלע?" — לייקעלע מיט די גרויסע בלויע אויגן האָט אויף אַן אמת אויסגעזען ווי אַ „שיקסע". אָבער זי האָט ניט גערעדט וועגן אַנטלויפן.

מײַן מומע רבקה די אלמנה פלעגט האַלטן אין איין אַרײַנריידן צו אירע 4 קינדער:

„אַז די דײַטשן וועלן קומען, וועלן מיר זאָלבע פינפט זיך אַרומנעמען און שטאַרבן צוזאַמען; ניטאָ וואָס צו בלײַבן אויף אַזאַ מיאוסער וועלט..."

אין די לאַנגע פינצטערע נעכט פלעגן די קינדער אויף די גע־לעגערס פאַנטאַזירן און זיך דערמאָנען וועגן אַמאָליקע גוטע צײַטן. דער קליינער יאַנקעלע פלעגט זיך דערמאָנען, אַז אויף דער וועלט

זענען דאָ שפּראָטן און ביסקוויטן, און אַז זײַן שוועסטער ליבע וועט קומען נאָך דער מלחמה אַהיים, וועט זי אים ברענגען, ברענגען און ברענגען...

זײַן שוועסטער איז טאַקע געקומען, אָבער וועמען צו ברענגען איז שוין ניט געווען. יאַנקעלען מיט די עלטערן האָט מען פאַר־ברענט, ביידע שוועסטער זענען געשטאָרבן פון טיפוס אין איין טאָג, און מײַן מומע רבקהס בקשה איז דערפילט געוואָרן ביזן סוף — זיי זענען אַוועק אַלע צוזאַמען.

אין געטאָ בין איך געווען אין די לעצטע חדשים פון שוואַנגער־שאַפט. איך בין געווען זייער דערשלאָגן, זיך ניט געקענט צוזאַמענ־נעמען מיט די געדאַנקען, ניט געפונען קיין אויסוועג. אין אַ האַרבס־טיקן פרימאָרגן זענען געקומען צו מיר דרײַ געסט — מײַנע שילערס פון ערשטן קלאַס, וועלכע האָבן זיך אַזוי האַרציק אין יוני חודש צעזעגנט מיט מיר — פייגעלע, שׂרהלע און בערקאַן.

ווי אַזוי זענען די אַכט־יאָריקע קינדער געקומען אַליין צו מיר? ווי אַזוי האָבן זיי מיך אָפּגעפונען?

— לערעריןָ, מיר האָבן אײַך אויפגעזוכט און געפונען... אין שטוב רעדט מען די גאַנצע צײַט, אַז מען וועט אַלעמען דערהרגענען. די עלטערן גייען אַוועק אויף גאַנצע טעג. אפשר וועט איר אונדז אַ ביסל לערנען?..

זיי האָבן געזוכט אין מיר טרייסט און מוט, און דערזען האָבן זיי מיך אין אַן אויסטערלישן צושטאַנד, אין מײַן אייגענער אומבאַ־האָלפנקייט. איך האָב זיי געטרייסט, צוגעזאָגט, נאָכן געבורט עפּעס צו אָרגאַניזירן. איך האָב זיי, ווי־זט אויס, ניט איבערצײַגט. זיי זע־נען אַוועק, ניט געלאָזן זיי באַגלייטן אַהיים. מער האָב איך זיי שוין ניט געזען.

אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן האָב איך געטראָפן מײַן חברטע ברכה מיט אַ קינד אויפן האַנט. איך האָב זיך זייער דערפרייט און געבעטן אָנקוקן דאָס קינד. זי האָט אויפגעוויקלט די ווינדעלעך און איך האָב דערזען אַ געקרײַזלט שוואַרצאויגיק מיידעלע מיט רויטע באַקן און אַ קלאָרן אַלבאַסטער־פּנים.

— אַך, ווי שיין זי איז! — האָב איך אויסגעשריִען. אָבער ברכה האָט מיר גלײַך איבערגעריסן. צו וואָס, צו וואָס איז זי אַזוי שיין,

צו וואָס וואַקסט זי אַזוי גרויס — מען וועט דאָך זי אַרײַנוואַרפן אין גרוב אַ לעבעדיקע. צו וואָס? צו וואָס?

אירע ווערטער זענען מקוים געוואָרן. מען האָט זיי ביידן פאַר־ברענט.

ווען איך האָב, נאָך 4 טעג מאַטערניש, געבאָרן מײַן קינד אין געטאָ, האָט דער דאָקטער לקח אויסגערופן: „צוגעקומען נאָך אַ געלע לאַטע". איך האָב ניט געהאַט קיין העזה צו פרעגן: אַ ייִנגל, אָדער אַ מיידל? — דאָס איז דאָך געווען דעם 27סטן נאָוועמבער, און אויפן 28סטן האָט מען פאַראויסגעזאָגט אַ שחיטה אין געטאָ — איז צו וואָס נאָך פרעגן?

אויך מײַן ייִנגעלע איז געוואַקסן ווי אויף הייוון, און כאָטש מיר אַלע האָבן געהונגערט און וועגן מילך האָט קיין רייד ניט גע־קענט זײַן — איז דאָס קינד געוואַקסן און געשמייכלט מיט בלויע ליכטיקע אויגן צו דער וויסטער וועלט.

מײַן ייִנגעלע האָט מען דערשטיקט אין אַ ברענענדיקן בונקער בײַ מײַן אָרעמער מאַמען אויף די הענט.

*

נאָך דער מלחמה האָב איך געאַרבעט אין ווילנער ייִדישן קינ־דערהיים. אײן מאָל, גייענדיק אויף געדימינאַ־גאַס האָב איך דערזען אַ באַקאַנט מיידעלע. אויך זי האָט זיך אין מיר אײַנגעקוקט און — גענומען פון מיר אַנטלויפן. כ'בין איר נאָכגעלאָפן און דערקענט.

ריבהלע, ריבהלע לעדערמאַן, דאָס איז דאָך מײַן קליינע שכנד פון דרויער־גאַס, מײַן געוועזענע שילערין פון קינדער־גאָרטן, אַ קליינע, שיינע חכמה.

— ריבהלע, האָב איך געזאָגט אויף פויליש, — דו קענסט דאָך מיך, פאַר וואָס אַנטלויפסטו? שטעל זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, מיך אָנגעקוקט און מיט אַלע כוחות גענומען אַנט־לויפן פון מיר. איך האָב זי נאָכגעקוקט. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אָפּגעריבענעם מאַנטעלע, אין אַ דאַרפיש טיכל, און געהאַלטן אַ קערבעלע אין האַנט. אַוודאי געגאַנגען אין שליחות.

קלאָר: אין דער צײַט פון דער מלחמה האָט אַ קריסטין זי אויס־באַהאַלטן און האָט זי באַשוואָרן, אויף אַלע הייליקע, זיך ניט צו פאַרבינדן מיט קיינע זשידעס?

**וואָס טוט מען? ווי געפינט מען זי?**

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָב איך דערזען ריבהלען אויף ברייטע גאַס. זי האָט אַריַינגעקוקט אין אַ שויפענצטער. דאָס זעלבע טיכל אויפן קאָפּ. ווי שלעכט זי זעט אויס, אַזאַ דאַרינקע, מיט אַזעלכע אויסגעצויגענע לאַנגע פיסעלעך.

דאָס מאָל האָב איך זי צוגעהאַלטן פאַר דער פּלייצע און גערעדט אויף יידיש:

— ריבהלע, עס זענען דאָ גלובאָקער, עס זענען דאָ יידישע קינדער, איך אַרבעט מיט זיי אין אַ יידישן קינדערהיים, האָב ניט קיין מורא. אָבער ריבהלע האָט זיך אַרויסגעריסן פון מייַנע הענט, ווי אַ ווילדע, און איז אַנטלאָפן פון מיר, ווי פון אַ שׂרפה.

יענעם יאָר איז דער ווינטער געווען אַ שווערער. מיר האָבן געהאַט אַ סך דאגות מיט אונדזערע קינדער פון קינדערהיים און איך האָב פאַרגעסן פון ריבהלען. ביַי אונדז אין קינדערהיים איז דאַן געשטאָרבן דער אַכט־יאָריקער אַלעקס לעוו און גראָד אויף מייַן דיזשור.

אין איינעם אַן אָוונט איז געקומען צו מיר אונדזער פאַרוואַלטערין צילע מיט אַ בילד אין האַנט.

— גיב אַ קוק, אפשר קענסטו זי? אַ פּוילישע פרוי האָט דאָס בילד געבראַכט היַינט צו אונדז.

איך האָב באַטראַכט דאָס בילד און געבליבן געפּלעפט.

אין אַ וויַיסער טרונע איז געלעגן ריבהלע לעדערמאַן — אַ פאַרפּוצטע מיט סטענגעס און אַ צלם אין האַנט.

צילע האָט פאַרגעזעצט: „די פרוי האָט דערציילט, אַז זי האָט זי אויסגעהאַלטן די גאַנצע מלחמה און זיי האָבן זיך שטאַרק ליב געהאַט. זי איז געשטאָרבן פון טיפוס, זי האָט זי פאָטאָגראַפירט און געבראַכט אין יידישן קינדערהיים. אפשר וועלן זיך אַ מאָל נאָכפרעגן קרובים, משפחה. די פרוי האָט זייער געוויינט.“

— ווו לעבט די פרוי?

— זי האָט ניט געזאָגט. איך האָב געבעטן מען זאָל איר געבן אַ ביסל פּראָדוקטן פון סקלאַד, זי איז דאָך אַ יידן־פריַינד.

— האָסט געטאָן, האָב איך געענטפערט.

כ'האָב געכאַפּט דאָס בילד און געלאָפן אין מייַן ווינקל וויינען...

פרידה צנציפר־שפירא

# הקרקס

היה זה לאחר עלייתו של היטלר לשלטון. באחד הימים של שנת 1934 הגיע קרקס לעיירה שלי — גלובוקי ע"י ווילנה. הלכנו כמובן לראותו. היה שם להטוטן שהראה להטוטים שונים, ממש „ניסים ונפלאות".

ביתנו שכן בסביבה נוצרית בקצה העיירה. בעליית הגג גרה משפחה פולנית עם שלוש בנות. הן היו עוזרות לנו במשק הבית ובכל מיני עבודות־עזר וגם עושות את הכביסה בעיירה. נוסף לכל זה היו גונבות אצלנו מכל הבא ליד. כאשר רצינו להגיב, כדי שהגניבות תיפסקנה, איימה עלינו הבת האמצעית שהבית שלנו וכל אשר בו יעלו בלהבות אם נעיז לעשות משהו. מחוסר ברירה סבלנו ושתקנו.

מה רבה היתה הפתעתנו, כאשר למחרת בואו של הקרקס לעיירה ראינו את הקרקסן עולה במדרגות ביתנו אל דירת המשפחה הפולנית. בעיירה פשטה השמועה, כי הוא התאהב בבת הצעירה, שגילה היה 17־16, והם עומדים להתחתן בקרוב. הקרקס המשיך בדרכו, אך הוא נשאר לגור בעיירה. אגב, הוא דיבר פולנית רהוטה.

הקרקסן אהב מאוד מאכלים יהודיים ו„טשולנט" במיוחד. אנחנו „אימצנו" אותו. אחי היה נותן לו גם את בגדיו המשומשים — הכל כדי שיראה לנו את הלהטוטים שלו. פעם ישבתי על המרפסת והייתי עסוקה בבעייה מתימטית (למדתי אז בווילנה יחד עם אחותי) שהתקשיתי בפתרונה. ומה רבה היתה תדהמתי, כאשר הקרקסן פתר את הבעיה ללא קושי, תוך דקות ספורות.

מאז התחלתי להסתכל בו בעיניים אחרות. גם אבי חשד בו, כי הוא איננו להטוטן פשוט, אך לא היו שום הוכחות, אף כי במשך חמש השנים — משנת 1934 עד 1939 — קרו בעיירה דברים מוזרים: כתובות אנטישמיות צויירו על המדרכות: „אל תקנו אצל יהודים", „יהודים לפלשתינה" ועוד מסוג זה. התחילו גם להתארגן חוגים אנטישמיים מהנוער והאינטליגנציה הפועלית בעיירה — כנראה ביוזמתו; ופרצו גם שריפות בעיירה, אך לא קשרנו את הדברים, כי מי יכול היה אז לנחש את פרצופו האמיתי?

בשנת 1939 הגיע הצבא האדום לעיירתנו. השלטון הסובייטי עצר והגלה (בין היתר) גם את הקרקסן. לאחר כשנה וחצי הוא שוחרר במבצע חילופי אסירים בין רוסיה וגרמניה. משמע, הוא היה חשוב לנאצים.

בקיץ 1941 התקיפו, כזכור, הגרמנים את רוסיה ובשנת 1942 הוכנסו היהודים לגיטאות. מה רבה היתה התדהמה של אנשי העיירה, כאשר בראש פלוגת ס.ס.

הופיע מיודענו הקרקסן, הפעם מצוחצח ומקושט במדליות, במדי קצין ס.ס. הוא השתכן, יחד עם אשתו, בבניין היפה ביו־תר בעיירה והתחיל לנהל את העיירה ביד נאצית. כל פעם שהיה נכנס לגיטו נפל פחד רב על היהודים.

תיכף עם בואו התחיל לחפש את ה־משפחה שלנו. אני ואחותי הסתלקנו עוד קודם לכן. הקרקסן הצטער מאוד שלא מצא אותנו. „הייתי ברצון תולה אותן" — היה אומר. כנראה משום שהתייחסנו אליו בזלזול. מדי פעם היה עורך נשפים וכ־טוב לבו ביין — היה מזמין את אמי שתספר לפני האורחים, אנשי ס.ס., איך הוא שיחק טוב את תפקידו כלהטוטן ואיך הילדים אהבוהו, ואיך הוא אכל את ה־„טשולנט" אצלנו בבית. אמא היתה אז שבורה ורצוצה מהרעב הממושך ומהסבל הרב. הוא גם אילץ אותה לנקות את בתי השימוש בין נשף אחד למשנהו.

כנראה הוא היה אחד המרגלים הגרמ־נים שנשתלו ונקלטו באלפיהם בכל עיר ועיירה פולנית תיכף עם עלות היטלר לשלטון, ומרגלים אלה החישו את כניע־תה של ארץ זו.

הגיטו בגלובוקי חוסל משום מה הרבה יותר מאוחר, יחסית, מאשר גיטו וילנה וגיטאות אחרים. פשטה שמועה, כי גיטו זה יישאר וכל אלה שבדרך נס ניצלו מ־גיטאות מחוסלים נהרו לגיטו גלוביקי. אלא שגם גיטו זה לא האריך ימים. בימים האחרונים לפני בריחת הגרמנים מפני ה־צבא האדום המתקדם — הוצת הגיטו מכל עבריו וכל תושביו נשרפו חיים. לא היתה שום אפשרות לברוח. מי שניסה לעשות זאת נפל מכדורי המרצחים. אבי ואחי נהרגו ע"י הגרמנים עוד לפני כן. אמי עם הנכדה התינוקת בזרועותיה התרוצצה ממקום למקום ונשרפה בלהבות הגיטו, אשר בחיסולו היה לקרקסן חלק רב. מה עלה בגורלו? — לא ידוע בדיוק. מישהו אומר, כי הרוסים תפשוהו וחיסלוהו. ויש אומרים, כי בדומה לרבבות רוצחים נאציים אחרים הוא הצליח לברוח וחי אי־שם בגרמניה בעושר וברווחה כאזרח גרמני מכובד ו„הגון".

*

חזרתי מנדודי ברוסיה הסובייטית אל עיר הולדתי לאחר המלחמה, בשנת 1945, בתקווה למצוא מישהו מהמשפחה. ביתנו נשרף כולו. בסמוך לו, משני צדדיו, עומדים על תילם שני בתים של נוצ־רים. באחד מהם הייתי בת בית. כאשר ראה אותי בעל הבית הוא החוויר ויצא את הבית. כעבור רגע חזר עם עוד אחד ובידו גרזן. הזקנה סוככה עלי והתחננה: לא אתן לפגוע בך, יקירתי, אך בשם ה־אלוהים, אל תישארי כאן, חייך בסכנה. אמרתי אז לשכן: אינני רוצה ממך שום דבר, תן לי רק איזה דבר פעוט למז־כרת ואמשיך בדרכי. עזבתי במרוצה את העיירה, בלי לחזור אליה לעולמים.

לא, הקרקס והקרקסן אינם מעלים בי זכרונות עליזים. לנגד עיני מרחפת דמו־תה של אמא עם הנכדה בזרועותיה בתוך להבות הגיטו העולה באש.

צירקה שפירא

# עיירתי גלובוקי

השם גלובוקי (Glebokie) פרושו — מקום נמוך. העיירה היתה מוקפת גבעות מסביב, יערות אורן ואשוח סביב לה. בימי שלום היו היערות משמשים כמקום הבראה לאנשי העיירה. גלובוקי מנתה בערך 12 אלף תושבים; מחציתם יהודים והיתר נוצרים.

בתוך העיירה זרם נחל, שחצה את גלובוקי לצד מזרח וצד מערב, הנחל היה מאחד את שני האגמים הגדולים, מצפון ע"י- ברזוויצ'י, עם האגם הדרומי ע"י יוסיס בארג. גשר מעל הנחל היה מאחד את שני חלקי העיירה. היו אצלנו כ־1100 בתים, לרוב בנויים עץ וגגות מעץ, ומספר בניינים, בעיקרם בני קומה אחת או קומותיים, בנויים לבנים אדומות וגגות רעפים.

בערבי שבת וחג בקע מבעד חלונות הבתים אור נרות השבת. כל העיירה התקדשה, וזמירות שבת וחג בקעו מבתי היהודים.

פינת חמד היתה הקופניצה; כל השטח היה מורכב מאיים קטנים, מפרצים, וחצאיים; עצים גבוהים ועבותים כיסו את הכל; תושבי העיירה היו יוצאים לשם לטייל וליהנות בחיק הטבע, בשבתות המתה הקופניצה בני־אדם, צחוק ושירה.

סמוך לעיירה עברה מסילת הברזל, וילנה־קרולבשציזנה - גלובוק. 4 רכבות נוסעים ליום עברו במסילה זו ורכבות־משא שהובילו סחורות יצוא ויבוא.

העיירה היתה בנויה כך: במרכז — ה־שוק והמרכז המסחרי, ומסביב הרחובות המרכזיים. בהמשך הסתעפו יתר הרחובות.

ברחוב דוקשיץ התרכזו רוב בתי הכנסת של החסידים והמתנגדים, של בעלי־מלאכה והחייטים; היו שם כעשרה בתי־כנסת. יש להוסיף את בית־הכנסת „הגבוה" („הויכע שול") שבתוכו יכלו להתכנס עד 1000 איש והמקום שימש מקום־ריכוז חשוב לאסיפות וכינוסים. הגבאי דוד מונוועס, שהוא עצמו סימל מוסד, היה ציוני טוב, דואג לזולת, מגיש עזרה לכל נצרך, נותן גמילות חסד לנזקק. ממש מוסד של איש אחד, בעל לב רחב ויד פתוחה.

בראש העיירה עמד ועד הקהילה. בבעלותה של הקהילה היו אדמות־מרעה; שם רעו פרות היהודים תמורת תשלום. הכנסות נוספות: תעודות לידה, חתונות, פטירות ומס־חובה ששילמו התושבים.

פעולותיה של הקהילה: היא היתה דואגת לכל השירותים הדתיים, רבנים, שוחטים, חזנים, שמשים, גבאים ויתר כלי־קודש.

ועד הקהילה היה תומך במוסדות ציבוריים והושיט עזרה לעניים ולנזקקים.

תעסוקה: רוב היהודים עסקו במסחר. גלובוקי היתה מרכז מסחרי גדול במחוז וילנה. (ממנה ייצאו לחו"ל ביצים, פטריות יבשות, זיפי חזירים, זיפי סוסים, עורות לא מעובדים של חיות־בית וחיות־יער, זאבים, שועלים, נמיות וארנבות. כן הִת־נהל בה מסחר תוסס של תבואה ופשתן.) עוד היו בעיירה סוחרי יערות ויערנים.

בעלי־מלאכה: חייטים, תופרות, סנדל־רים, פחחים, נגרים, נפחים. היו גם עג־לונים, סבלים ולא מעט אביונים.

תרבות: 2 בתי קולנוע בבעלות יהו־דים. ספרייה עשירה ובה ספרים ביידיש, פולנית ורוסית; ומעט ספרים בעברית, אנגלית וגרמנית. בתי־ספר: בית־ספר עממי בהנהלתם של האחים מיכאל וצבי ראַיאַק, שהתפתח אחר־כך לתיכון. גן־יל־דים, בית־ספר עממי יידישאי, בהנהלת המבורג, בית־ספר עממי פולני, בית־ספר דתי „תושיה" בהנהלתו של מר יוסף באו־דין וסגנו בנד. גימנסיה יהודית־פולנית בהנהלתם של האחים ראַיאַק. גימנסיה פולנית, בית־ספר מקצועי לבנות ובית־ספר למסחר.

המורים מיכאל וצבי ראַיאַק הגיעו אלינו מרוסיה, והתחילו לארגן את בית־הספר הראשון בעיר. המורים הצליחו להקנות לנו ערכים לאומיים, אהבת המו־לדת ואהבת העם. בכל פרק היסטוריה, תנ"ך, או ספרות השתדלו להחדיר לנו אהבה לארץ־ישראל. הם הצליחו להקנות לנו ידע ע"י המחשה ועבודה עצמית.

בעיירה היו כמה חדרים. רוב הבנים למדו אצל יוסי טישעס. היתה ישיבה, בה למדו הרבה בנים מגלובוקי והסביבה. בני־הישיבה מהסביבה חיו בתנאים קשים. למקום לינה דאגו להם הוריהם, אבל לכלכלה היו דואגים להם בני־העיר; הם היו אוכלים מדי יום בשבוע בבית אחר. לא מעטים מהם לא אכלו, כי הת־ביישו לבוא לבתים („זיי האָבן געגעסן טעג און געשלונגען טרערן").

ראש־העיר היה פולני וסגנו יהודי, מר לויתן. היחסים עד למלחמה היו תקינים, פחות או יותר. בעיירה היו שני רבנים; הרב יוסף כץ של המתנגדים ורבם של החסידים, הרב קופרשטוק, שמאוחר יותר עלה ארצה.

מוסדות: טאז (מרפאה שהגישה עזרה רפואית לעניים). קופת גמילת־חסד — נעזרו בה הרבה יהודים שנזקקו להלוואה לזמן קצר. הבנק עשה עסקים בהיקף גדול. הוא סייע לסוחרים, לחנוונים ולכל מי שפנה אליו. קינדערשוץ — חסות ליליד ולנער, בראשו עמד יצחק (איצקה) מלר, מוסד שהיה בנוי רק על התנדבות. מסירותו של יצחק מלר היתה ללא גבול. אישי המוסד דאגו לארוחה חמה, לכסות־חורף וכסות־קיץ, ביקרו בבתים ועזרו. הם ידעו מי וקוק ולשם הגיעו. מקורות הכנסה לפעולה ברוכה זו: נשפים, ימי סרט ותרומות.

בגלובוקי התקיימו תנועות נוער, כגון החלוץ הצעיר והחלוץ. חברי התנועות היו מתכנסים מדי ערב ומעבירים פעולות תרבות, הרצאות, ערבי הווי עד שיצאו להכשרה; „פועלי ציון" ו„השומר הצעיר" העבירו עבודה תרבותית ענפה, ניהלו בקן חוגים, הרצאות, מחנות־קיץ ומחנות־חורף. דומני כי רוב הנוער היה מאורגן ב„השומר הצעיר". בעיירה היו יידישיס־טים, בונדיסטים וקומוניסטים; האחרו־נים ניהלו את העבודה במחתרת ורבים נתפסו וישבו שנים בבתי־סוהר.

